מ. סאַדיקאָוו.

# אין יענע טעג

זכרונות וועגען דער רוסישער רעוואָלוציע און די
אוקראינער פּאָגראָמען.

פּרייז 75 סענט.

ניו יאָרק, 1926.

דעם אָנדענקונג
פון די
אומגעקומענע אין די פּאָגראָמען
געווידמעט.

# פון דעם פאַרפאַסער.

די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע פון 1917 און די בלוטיגע פּאָגראָמען, וואס האָבען אינגיכען נאָכגעפאָלגט, האָבען געטראָפען דעם מחבר פון די „זכרונות" אין אוקראינא, וואו ער האָט זיך געפונען ביז 1920.

ווען עס האָבען זיך תיכף נאָך דער רעוואָלוציע אָנגעהויבען גרינדען אין די גרעסערע אידישע צענטרען דעמאָקראטישע קהלות, וועלכע האָבען געדארפט ארגאַניזירען דאָס אידישע לעבען און אָנפיהרען מיט אַלע אידישע געזעלשאַפטליכע און קולטורעלע טעטיגקייטען, איז ער ערוועהלט געווארען אלס ראטמאַן אין דער מאָהילעוו־פּאָדאָליער קהלה. און ווען מיט א יאָהר שפּעטער האָט זיך איבער גאַנץ אוקראינע צעגאָסען די בלוטיגע פּאָגראָם־כוואַליע און ביי דער מאָהילעווער קהלה האָט זיך געגרינדעט א הילפס־קאָמיטעט צו העלפען די פּאָגראָם קרבנות פון מאָהילעווער ראיאָן, איז ער באַשטימט געוואָרען אלס סעקרעטאר און פארוואלטער פון דעם דאָזיגען קאָמיטעט.

דער פּאָגראָם קאָמיטעט, ווי ער האָט זיך גערופען, האָט געהאַט די אויפגאבע, אויסער צו טיילען הילף צו די געליטענע, אויך זאמלען אַלע מאַטעריאַלען, וועלכע האָבען געהאַט א שייכות צו די פּאָגראָמען. די דאָזיגע פּאָגראָם־מאַטעריאַלען זיינען אין 1920 טיילווייז אָפּגעדרוקט געווארען אונטער דעם שרייבער'ס רעדאקציע אין דעם אָפיציעלען „בולעטין" וואס דער מאָהילעווער קאָמיטעט האָט ארויסגעגעבען און וועלכער איז צו יענער צייט געווען דער איינציגער פון זיין מין אין גאַנץ אוקראינא.

אַלס פאַרוואַלטער פון פּאָגראָם קאָמיטעט און רעדאקטאָר פון „בולעטין", איז דעם שרייבער אָפט אויסגעקומען צו באזוכען פילע פון די צעגראָמירטע שטעדט און שטעדטלאך תיכף נאָך די פּאָגראָמען און אָפטמאָל בעת די פּאָגראָמען גופא.

און אויפ'ן גרונט פון דעם פארפאסער'ס פערזענליכע איבערלעבונגען און ערפאהרונגען בעת דער רעוואָלוציע און די פּאָגראָמען, ווי אויך פון די אפיציעלע מאַטעריאַלען, וואס ער האָט געזאמעלט, ווערען די „זכרונות" געשריבען.

מאַקס סאדיקאָוו,

טשאַטאַנוגא, טענ., 1926.

# איינלייטונג.

פון אברהם רעוואוצקי.

שווארצבארד׳ס קויל האָט ארויסגערופען כל׳ערליי פּערזענליכע זכרונות וועגען „יענע טעג“ אויף אוקראינא. ניט אלע שטעהען זיי אויף דער נויטיגער הויך. די נערוועז פון זייערע מחברים זיינען אין יענער צייט געוועז אזוי אָנגעשטרענגט, אז ס׳איז אפילו שווער צו פארלאנגען פון זיי גענויע דאטען און ניט קיין איבערטריבענע פאקטען. אויסער דעם, זיינען די מעהרסטע פון די דאָזיגע זכרונות אָנגעשריבען געוועזען מיט יאָהרען שפּעטער און עס שפּיגעלט זיך אין זיי אָפּ דער וואונש זיך צופּאסען צו דער לעזענדער מאסע, דערצעהלען איהר וואָס גרעסערע סענסאַציעס, כדי די רעדאקציעס פון אונזערע טעגליכע צייטונגען זאָלען אָננעמען דעם מאטעריאל אלס ראוי פאָרגעבראכט צו ווערען פאר זייערע לעזער...

צום אונטערשיד פונ׳ם דאָזיגען צווייפעלהאפטען קוואל פון „פּערזענליכע עדות“ (וועלכע וואָלטען ביים שווארצבארד־פּראצעס זיכער געבראכט מעהר שאָדען ווי נוצען), צייכענען זיך אוים די זכרונות פון מ. סאדיקאָוו מיט גרויסע מעלות. פון איין זייט זיינען זיי אָנגעשריבען געוואָרען נאָך מיט עטליכע יאהרען צוריק אין פארשידענע צייטען, אונטער׳ן דירעקטען איינדרוק פון די געשעהענישען. פון דער אנדערער זיינען זיי געשריבען געוואָרען פון א מענשען, וואס האָט אפילו אין יענע שווארצע טעג איינגעהאלטען א געוויסען מאָס פון זעלבסט־קאָנטראָל און א בעדייטענדע פאראנטוואָרטליכקייט פאר פאקטען. זיי קאָנען דעריבער באטראכט ווערען אלס א גאנץ געטרייע פאָטאָגראפיע פון די אוקראינא געשעהענישען, אזוי ווי זיי האָבען זיך אָפּגעשפּילט אין דער פּאָדאָליער געגענד ארום מאָהילעוו, וואו דער מחבר האָט זיי איבערגעלעבט.

אַן אנדער מעלה פונ׳ם בוך איז דאָס, וואס ער פּרעטענדירט ניט אויף קיין סך. דער מחבר שטעלט זיך ניט דעם צוועק „צו ענטדעקען אַמעריקא“ און האָט אויך ניט קיין איבערגעשפּיצטע

ליטעראַרישע פּרעטענזיעס. ער שרייבט וועגן געשעהענישען אזוי, ווי ער האָט זיי געזעהען און איבערגעלעבט. א באַדייטענדער טייל איז אפילו אָנגעשריבען ניט פון איהם אליין, נאָר שטעלט מיט זיך פאר קאָפּיעס פון דירעקטע באריכטען, וואס זיינען דערהאלטען געווארען אין מאָהילעווער הילפס־קאָמיטעט פון פּאָגראָמירטע שטעדטלאך. סאַדיקאָוו גיט איבער די דאָזיגע בריוו, ווי זיי זיינען געשריבען געווארען, ניט מאכענדיג קיין קלענסטען פארזוך איבערקליידען זיי אין זיין אייגענעם סטיל און נוסח. דורך דעם, נאַטירליך, געווינען זיי אין זייער היסטאָרישען ווערט.

פאר פּערזאָנען, וואס זוכען אין אזעלכע ביכער סענסאַציעס, וועלען סאַדיקאָוו'ס זכרונות זיין אַן ענטטוישונג. פאר די אָבער, וואס ווילען זיך שאפען א באַגריף וועגן דעם, וואס אייגענטליך איז דאָרט פארגעקומען, וועט ער זיין א באַדייטענדע הילף.

פאר דער אלגעמיינער פארשטענדניש פון דער פּאָגראָמען־עפּאָכע אין אוקראַינא וועלען האָבען א באַזונדערען ווערט די פּאָר אַרטיקלען פון סאַדיקאָוו'ס זאמלונג, וואס זיינען אָנגעשריבען געווארען נאָך פאר די פּאָגראָמען. דאָרט שפּיגעלט זיך דייטליך אָפּ די אנטיסעמיטישע שטימונג וואס האָט ארומגעכאַפּט די מאַסען אין אוקראַינא שוין אין הערבסט, 1917, ווען קיין פּאָגראָמען, וועניגסטענס אין א באַדייטענדען מאסשטאַב, זיינען נאָך ניט פארגעקומען, און די מעהרסטע פּאָליטיקער פונ'ם לאנד האָבען זיך אויף זיי אפילו ניט גערעכנט.

די דאָזיגע שנאה צו אידען איז טיילווייז געווען פארבונדען מיט אַלטע אַנטיסעמיטישע אינסטינקטען, טיילווייז אָבער, — און דאָס מוז גוט פארשטאַנען ווערען, — האָט זי געשטאַמט פון דער פּריש־אויפגעוואכטער שנאה פון דאָרף צו שטאָדט, פונ'ם פּראָסטען מוזשיק צו די, וועלכע האָבען זיך א י ה ם א ר ו י ס ג ע ו ו י ז ע ן אַלס געזעלשאַפטליכע פּאַראַזיטען בכלל, אַלס אויסנוצער פון קריגס־אונגליק בפרט. דער וועלט־קריג, נאָך פאר דער רעוואָלוציע, האָט אַוועקגעשטעלט אויפ'ן פּאָדער־גרונט פונ'ם לעבען עלעמענטען, וואס האָבען פריהער קיין נאָז פון זייער

דאַרף ניט אַרויסגעשטופּט און פּאַר וועלכע די איינציגע שטאָדטי־שע זידלונג איז געווען דאָס דערבייאיגע באשיידענע שטעדטע־לע. איצט זיינען די דאָזיגע מענשען, אָנגעטאָן אין סאָלדאַטישע קליידער, אריינגעקומען אין די גרעסערע שטעדט, וואו מען האָט זיי אויף גיך געגרייט צום מלחמה־פראָנט אָדער פּונקט אַזוי אויף גיך געהיילט פון די קרענק און וואונדען, וואס זיי האָבען דאָרט געקראגען.

אין יענער צייט האָט יעדער סאָלדאט אין רוסלאנד טויט־ליך געהאסט יעדען, וואס האָט זיך געזעצליך אדער אונגעזעצליך אויסגעדרעהט פון דער שלאכט. זייענדיג אין די אידישע שטעדט פון אוקראינע, האָט דער דאזיגער אוניפאָרמירטער פויער, אפילו מיט אַ קליין ביסעלע אנטיסעמיטישע אינסטינקטען (און וועלכער מוזשיק האָט זיי ניט!) געמוזט איבערטראגען דעם דאָזיגען האס אויף אידען. צוליב זייערע באשעפטיגונגען און כאראקטער האָ־בען אידען די מעלה אדער דעם חסרון, אז ווען זיי זיינען אין א שטאָדט די העלפט, זעהט מען קיין אנדערע ניט אָן. האָט זיך דעריבער דעם אוקראינער מוזשיק געדוכט, אז אידען ווערען רייך אויף זיין אונגליק, אז זיי געניסען פון זיין פארגאָסענער בלוט, אַז זיי פּראָפיטירען פון וועלט־קריג. די אמת׳ע בילד איז גארנישט געווען אזוי. אין אָנהויב פון קריג האָט דער דאָרף אויך געמאכט א פּאָר רובל, און פון דער אנדערער זייט זיינען גענוג אידישע סאָלדאטען געווען אויפ׳ן פראָנט. אָבער די איבעריגע פּאָר רובל אין דאָרף זיינען פארשטעקט געווארען און האָבען זיך אין גאר־נישט אויסערליך ניט אָנגעזעהן; אין דער שטאָדט אָבער האָט דער אוניפאָרמירטער פויער געזעהן פאר זיך אויסגעפּוצטע אידישע יונגעלייט, וואָס האָבען זיך געדרעהט אויף די בירזשעס און באַ־האנגענע מיט בריליאנטען (מעהרסטענס פאלשע; אבער איז דען דער מוזשיק א דזשולערי־עקספּערט?) אידישע ווייבער, וואָס האָבען אנגעפילט אלע קינעמאטראָפען און ביליגע וואָדעווילס...

צוליב היסטאָרישער גערעכטיגקייט מוז אויך געזאגט ווערען, אז אויב דער קריסטליכער שטאָדטישער מיטעלשטאַנד האָט אינ־סטינקטיוו זיך געסטאַרעט צו פארמאסקירען זיינע מלחמה געווינ־סען, האָט אונזער קליינבירגערטום און בפרט זיין ווייבערשער

טייל זיך געצאַצקעט מיט זייער גראַשענדיגער „פּראָספּעריטי" אין א פיל גרעסער מאָס, איידער דאָס איז פּסיכאָלאָגיש צולעסיג געווען אין דער צייט פון א וועלט־אומגליק. שפּעטער איז אויסגעקומען די זעלבע ערשיינונג צו באמרקען — מיט פיל עגמת נפש — אין וויען און בערלין בעת די שווערע צייטען פון דער פאַלענדער וואַליוטאַ...

אַן אידישער סאָלדאַט, א רב'ס אַ זוהן, וועמעס רעגימענט איז צוגעשטאַנען צו די באָלשעוויקעס און האָט אנטייל גענומען — מיט אַ חודש פאַר'ן אַריינקומען פון די דייטשען — אין דער ערשטער באַלאַגערונג פון קיעוו (סוף יאנואר, 1918), האָט מיר איבערגעגעבען פאָלגענדע בילד, וואָס האָט זיך ממש איינגעקריצט אין זכרון:

ער איז געשטאַנען נעבען א הארמאַט, וואָס איז אָנגעלאָדען געוואָרען דורך אַן עלטערען אונטער־אָפיצער. אָנלאָדענדיג דעם הארמאַט, האָט דער אונטער־אָפיצער, אַ קאַצאַפּ פון טאַמבאָווער גובערניע, געקליבען נחת און גערעדט מיט זיך אליין מיט דער גרעסטער אויפרעגונג:

„אַט וועלען מיר א שיס טאָן. אי, וועלען מיר א ש־ש־שיס טאָן, דער רוח אין זייער טאַטענס טאַטען..."

דער איד האָט זיך ניט איינגעהאַלטען און א פרעג געטאָן:

„וואָס איז דאָס די גדולה אויף דיר? שיסען מוז מען, אָבער ס'איז ניטאָ וואס זיך דערביי צו פרעהען. מען הרג'עט דאָך פאָרט מענשען!"

האָט איהם דער אונטער־אָפיצער אויף דעם געענטפערט ממש מיט ציין־קריצעניש:

„בעת איך האָב זיך געוואַלגערט אין די אָקאָפּעס (טרענטשעס) און ס'האָבען מיך דאָרט געפרעסען לייז, האָט זיך די דאָזיגע שטאָדט, אויף מיין חשבון, געבאָדען אין וואוילטאָג. אין ק־קיאַט־רעס זיינען זיי געגאַנגען, ימח שמם. מיין בלוט האָט די דאָזיגע שטאָדט אויסגעזאַפּט. איצט וועל איך זיי ווייזען. אַי, וועל איך א ש־ש־שיס טאָן..."

אָט דאָס איז געווען אין יענער צייט די גרונד שטימונג פון די מאסען, און פון איהרע פיהרער איז אָפּהענגיג געווען, וואוהין

זי זאָל זיך ריכטען. די באָלשעוויקעס האָבען זי אויסגענוצט פאר א קלאַסען־רעוואָלוציע, אונטער די אוקראַינער אַטאַמאַנען האָט זי זיך געריכטעט אויף אידישע פּאָגראָמען. דער איבערגאנג פון דער דאָזיגער שטימונג צו אידישע פּאָגראָמען איז געווען א גרינגער, כמעט א נאַטירליכער. אויף וויפיל די באָלשעוויקעס אין אוקראַינע האָבען ניט געקאָנט אויסקומען מיט פּעטערבורגער ארבייטער און קראָנשטאַטער מאַטראָסען און געמוזט אָפּערירען מיט ארטיגען סאָלדאַטישען מאַטעריאַל, איז געווען אונפארמיידליך, אז אפילו צווישען זייערע אייגענע רעגימענטען זאָלען ארייִנקומען פּאָגראָם שטימונגען. אפלייקענען דאָס האָט קיין זין ניט. ס'איז א היסטאָרישער פאקט, אז דער ערשטער גרעסטער אידישער פּאָגראָם אין אוקראַינע נאָך דער רעוואָלוציע, (גלוכאָוו, זומער 1918), איז געמאכט געווארען גראד פון א באָלשעוויסטישען מיליטער־טייל. ס'איז א פאקט, אז גאנצע רעגימענטען פון אָרטיגע באָלשעוויסטישע סאָלדאַטען פלעגען אריבערגעהן צו „פּעטליוראָוצעס" און פארקערט. אָבער מיט וואס פאר אַן אייזערנער ענערגיע האָבען די באָלשעוויקעס געקעמפּט געגען אזעלכע פּאָגראָם־שטימונגען און מיט וואָס פאר א נאָטלעסיגקייט האָבען זיך באצויגען צו זיי (אין בעסטען פאַל) די מעהרסטע מיליטערישע פיהרער פון די אוקראַינער! *)

* * *

אָט דאָס איז די אַממאָספערע אין וועלכער עס האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּילט די אוקראַינער טראַגעדיע. זוכען דעריבער פּאָגראָם־אויפרופען, וואָס זיינען דירעקט, אייגענהענטיג, אונטערגעשריבען פון פּעטליורא'ן און כשר'ן איהם, אויב אזעלכע אויפרופען וועלען ניט געפונען ווערען, איז אַן אומזיסטע ארבייט, וואָס קאָן ברענגען צו פאַלשע אויספיהרען. אין דער פרידענס־צייט האָט די צאַרישע רעגירונג, כדי צו מאַכען פּאָגראָמען, געמוזט

---

*) אַן עהרענדע אויסנאַהם זיינען די גאַליציישע אָפּיצערען און סאָלדאַטען, וואָס זיינען געווען אין פּעטליורא'ס אַרמיע. רעקוויזירט האָבען זיי אויך, אָבער שחיטות און פּאָגראָמען פ ו ן ז ײ ע ר ז ײ ט זיינען מיר אומבאַקאַנט. דאָס שטרייכט אויך אונטער סאַדיקאָוו. (אַרטיקעל: „די לאגע פון די אידען אין אוקראַינע").

עקסטרא איינשטעלען אגענטען און דרוקען אויפרופען. נאָכ׳ן וועלט־קריג האָבען פעטליורא און דעניקין זיך אין דעם ניט גענויטיגט... זייערע סאָלדאטען און פויערים, בפרט נאָך זייערע מיליטערישע מפלות, וואָלטען פאָגראָמירט אויך אָהן אַזא אגי־טאַציע... די זעלבע עלעמענטען וואָלטען פאָגראָמירט אינ׳ם ברייטעסטען מאסשטאַב אויך ביי די באָלשעוויקעס, ווען די לעצטע וואָלטען ניט איינגעשטעלט א גאנצען אפאראַט פון „פאָליטישע קאָמיסארען״ און אָנגענומען אנדערע הערויִשע מיטלען, כדי קעמפען קעגען דעם נאַטירליכען פאר יענער צייט פאָגראָם־אינסטינקט פון די מאסען.

אָט דאָס איז דער היסטאָרישער אמת. און דער דאָזיגער אמת מאכט פאר אונז קלאָר די שולד פון אזעלכע פערזאָנען, ווי פעטליורא, אפילו ווען זיי זאָלען ניט האָבען דירעקט אָנגעפיהרט קיין פאָגראָמען. אלס מענשען, וואָס האָבען פרעטענדירט אויף סאָציאַליזם און נאַציאָנאַלען העלדענטום, האָבען זיי אלע כחות בעדארפט לייגען אויף דעם, אז הריגות און שחיטות פון אונשולדיגע מענשען זאָלען ניט פאָרקומען. אויב זיי האָבען דאָס ניט געטאָן, אויב זיי האָבען דירעקט אָדער אומדירעקט געוואלט אויפבויען זייער פאָליטישע קאריערע דורך לאָזען זיך אויסלעבען דעם פאָגראָם אינ־סטינקט פון די פארווילדעטע מאַסען, זיינען זיי אין אונזערע אויגען שולדיג*).

כ׳וויים ניט, ווי קוקט אויס אזא שולד פון יוריסטישען שטאַנדפונקט. פון היסטאָריש־פאָליטישען און מענשליכען שטאַנד־פונקט איז זי אלענפאלס גענוג שווער און ענטשיידענד.

* * *

ארויסקומענדיג אין דער עפענטליכקייט נאָך דער איבער־נערוויִרטער אטמאָספערע, וואָס איז באַנייט געווארען דורך שווארצבאָרד׳ס שאָס, ווענען סאדיקאָוו׳ס „זכרונות״ אַ סך העלפען אויפקלערען דעם היסטאָרישען אמת און אריינשטעלען „יענע טעג״ אויף אוקראַינע אין זייער ריכטיגען ליכט.

---

*) אַ גענויערע באַטראַכטונג פון פעטלורא׳ס פערזענליכקייט און ראָליע זעה אין בוך: „אין די שווערע טעג אויף אוקראינע״, בפרט זייטען 281—291.

# די מערץ רעוואָלוציע און די רוסישע אידען.

פאַר די ברייטע אידישע מאַסען אין דער פּראָווינץ איז די רוסישע רעוואָלוציע געווען אַן אמת'ע און אומערוואַרטעטע איבעררּאַשונג.

דאָס איז געווען אין די ערשטע טעג אין מערץ, 1917. אויף די גאַסען באַווייזען זיך פּלוצים שטאַרקע מיליטערישע פּאַטרולען, וועלכע לאָזען קיינעם ניט זיך אָפּשטעלען אָבער וועלכע טשעפּען אויך קיינעם ניט. דאָס האָט ביי יעדען אַרויסגערופען אַ חשד, אַז עפּעס קומט ערגעץ פאָר. קיינעם איז אָבער ניט איינגעפאַלען אפילו אַ טראַכט צו טאָן, אַז אין פּעטראָגראַד און אין אַנדערע גרעסערע צענטערן איז פאָרגעקומען אָדער קומט פאָר אַזאַ וויכטיגע געשעהעניש ווי אַ ר ע וואָ ל ו צ י ע. עס איז דאַן גראַדע געווען אין סאַמע ברען פון דער מלחמה און די דייטשע חילות האָבען געהאַלטען אין איין אַריינדרינגען טיפער און טיפער אין רוסלאַנד, און „אונזערע" ווידער, האָבען געהאַלטען אין איין צוריקציהען זיך אויף „פריהער צוגעגרייטע פּאָזיציעס" (באַנוצענדיג דעם דאַמאָלדיגען הויפּט־קאָמאַנדיר ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש'עס אַ טערמין), האָט מען זיך אָנגעהויבען שושקען, אַז דאָס מוז מען זיך מסתמא גרייטען אָפּצוטרעטען פאַר'ן „דייטש" און אויף יעדען איז געפאַלען אַ מורא פאַר אַ מעגליכער עוואַקואַציע פון דער ציווילער באַפעלקערונג און אין דער ערשטער רייה, פאַרשטעהט זיך, די אידען.

אין אַזאַ געשפּאַנטער שטימונג און אַטמאָספערע האָט מען אין דער פּראַווינץ אָפּגעלעבט כמעט אַ גאַנצע וואָך שוין נאָך דעם ווי די רעוואָלוציע איז געווען אַ געשעהענער פאַקט. ערשט אין עטליכע טעג אַרום, ווען עס זיינען אָנגעקומען די דורך דער מיליטערישער מאַכט פאַרהאַלטענע צייטונגען, איז מען געוואָהר געוואָרען די ריכטיגע סבות פון די לעצטע געשעהענישען. דאַן איז צו דער פרייד פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, מיט'ן אויסנאַם פון די אַלטע טשינאָווניקעס און זאָנסט פאַרביסענע רעאַקציאָנערען, קיין גרעניץ ניט געווען. די דאָזיגע פרייד האָט זיך באַלד

אומעדום אויסגעגאָסען אין אַ גאַנצער רייהע פון פייערליכע פריי־הייטס־מאַניפעסטאַציעס און עפענטליכע מאַסמיטינגען, אין וועל־כע עס האָבען זיך באַטייליגט אַלע נאַציאָנאַליטעטען אָהן אויס־נאַם מיט זייערע נאַציאָנאַלע פאָהנען און קאָסטיומען. און צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון רוסישען אידענטום האָט זיך באַוויזען און פריי אויפגעפלאַטערט די ווייס־בלויע פאָהן אַלס גלייכער מיטגליד מיט אַלע אַנדערע נאַציאָנאַלע פאָהנען.

דאָס רוסישע אידענטום, פאַרשטעהט זיך, האָט געהאַט גענוג אורזאַכען ניט אָפצושטעהן פון דער אַלגעמיינער פרייד מיט'ן זיג פון דער רעוואָלוציע און דער מפּלה פון צאַריזם. די רעוואָ־לוציע האָט מיט איין מאָל באַפרייט דאָס פיל־מיליאָניגע רוסישע אידענטום פון די הונדערט־יעהריגע פּענטעס, אין וועלכע עס איז געווען געשמידט אין די אַלע יאהרען פון דעם צאַריזם. די רע־וואָלוציע האָט ענדליך געמאַכט אַ סוף צו דער פאַרשאָלטענער „טשערטאַ אָסעדלאָסטי", וועלכע האָט געדריקט און געשטיקט אין די ענגע שמוציגע גהעטאָס פון תחום מיליאָנען אידען, צו־נעמענדיג ביי זיי יעדע מעגליכקייט פון פרייער באַוועגונג און האַנדעל.

די רעוואָלוציע האָט אויך געמאַכט אַן ענדע מיט דער ניט וועניגער פאַרשאָלטענער „פּראָצענט־נאָרמע", וועלכע האָט פּאַק־טיש צוגענומען ביי די אידען וועלכע עס איז מעגליכקייט פון העכערער און זאָגאַר מיטעלער בילדונג און געבראַכט אַזוי פיל אומגליקען און צעבראָכענע קאַריערעס דער אידישער שטודירענ־דער יוגענד. די רעוואָלוציע האָט בכלל געמאַכט אַ סוף צו די אַלע העסליכע און אוממענשליכע מיטעל־אַלטערליכע אויסנאַמס־געזעצען און באַשרענקונגען, וועלכע האָבען עקזיסטירט ספּעציעל פאַר די אידען און געמאַכט זיי הפקר און אונטערוואָרפען יעדען קאַפּריז פון דעם קלענסטען בעאַמטען. דאַרום האָבען די רוסי־שע אידען ניט געקענט און אויך ניט געוואָלט פאַרבאָרגען זיי־ערע אינערליכע נאַטירליכע פריידענס־געפיהלען און זיי האָבען זיי טאַקע צוגלייך מיט דער איבעריגער באַפעלקערונג עפענטליך אַרויסגעוויזען.

די רוסישע רעוואָלוציע האָט פאַר'ן רוסישען אידענטום, מעהר ווי פאַר וועלכער עס איז אנדערער ביז דאַן אונטערדריקטער נאַציאָנאַלער מינדערהייט, געעפענט די ברייטסטע און ווייטסטע פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע האָריזאָנטען און פּערספּעקטיווען. פאַר די אידישע אינטעליגענטע עלעמענטען האָט זיך באַוויזען זעהר א ברייט פעלד פון אַלגעמיינער, נאַציאָנאַלער, געזעלשאַפטליכער און קולטורעלער ארבייט. און מיט'ן כאַראַקטעריסטישען אידי-שען אימפּולס און מיט דער ענערגיע און שוואונג פון מיט-אַמאָל באַפרייטע איינגעצאַמטע סטיכישע כוחות, האָבען זיך די אידישע אינטעליגענטע קרייזען אריינגעוואָרפען אין אַלגעמיינעם געזעלשאַפטליכען קעסעל, וועלכער האָט אָנגעהויבען זידען און קאָ-כען איבער'ן גאַנצען באַפרייטען לאַנד. זיי האָבען געהאָלפען אויפשטעלען אויף די ערטער די צעשטערטע אין די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע אַדמיניסטראַטיווע אַפּאַראַטען. האָבען זיך באַטייליגט אין די שטעדטישע אויספיהר-קאָמיטעטען און זעלבסט-פאַרוואַלטונגען. האָבען געהאָלפען אָרגאַניזירען און אויפקלערען די סאָלדאַטען, ארבייטער, פּויערים א. ז. וו.

אין דער זעלבער צייט אָבער האָט מען אויך אין דער אי-דישער גאַס מיט איהרע ספּעציעלע אידישע אינטערעסען און באַדערפעניששען ניט פאַרגעסען. און איבער'ן גאַנצען אידישען ישוב האָט זיך אָנגעהויבען אַן ענערגישע און אינטענסיווע קולטו-רעלע און אויפקלעהרונגס-ארבייט, וועלכע איז אָנגעפיהרט גע-וואָרען פון די ביז דאַן אומלעגאַלע אידישע פּאַרטייען — ציוניס-טישער, פּועלי-ציוניסטישער און „בונד". עס האָבען זיך גע-עפענט אָוונעד-קורסען פאַר ערוואַקסענע, ביבליאָטעקען, פּאָליטישע קלובען, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, קינדער-גערטנער, שפּיל-פּלעצער און ד. גל.

א באַזונדער לעבהאַפטע טעטיגקייט האָט זיך אנטוויקעלט אַרום די וואַהלען אין די קהלות, אין וועלכע עס האָבען זיך באַ-טייליגט אַלע אידישע פּאַרטייען מיט זייערע באַזונדערע קאַנדי-דאַטען-צעטלען און פּלאַטפאָרמען. עס האָבען זיך אָנגעהויבען היי-ציגע מיטינגען נאָך מיטינגען, אויף וועלכע די פאָרשטעהער פון פאַרשידענע ריכטונגען האָבען אַגיטירט פאַר זייערע קאַנדידאַ-

טען און פאַרטיידיגט זייערע פּרינציפּען. אויף די דאָזיגע מי־טינגען האָבען געקעמפט צוויי וועלטען — די אַלטע פּאַטענטירטע כלל־טוער, וועלכע האָבען געזוכט די קהלה׳שע לייצעס ווידער אריינצוכאַפּען אין זייערע הענט, און די יונגע אידעאַליסטישע און ענטוזיאַסטישע עלעמענטען, וועלכע האָבען געוואָלט די דאָזיגע מאַכט אין די ניי־געגרינדעטע דעמאָקראַטישע קהלות ביי זיי צונעמען אדער לכל הפּחות זי מיט זיי טיילען. נאָך די וואַהלען האָט זיך דער דאָזיגער קאַמף צווישען די פאַרשידענע פּאָליטישע און סאָציאַלע ריכטונגען איבערגעטראַגען אין די קהלות גופא.

די קהלות אָבער, ניט קוקענדיג אויף זייער דעמאָקראַטישען כאַראַקטער, האָבען אין דאָזיגען פּעריאָד כמעט גאָרניט ממשות׳דיגעס אויפגעטאָן. אמת, עס זיינען געווען אורזאַכען דערצו. קודם כל האָבען די קהלות ניט געהאַט קיין געזונטען פינאַנציעלען באָדען אונטער זיך, וועלכער זאָל זיי געווען געבען די מעגליכקייט וועלכען עס איז פּראַקטישען באשלוס דורכצופיהרען אין לעבען. קיין צוואַנגס־מאַכט אַלס א יורידיש אנערקענטער אָרגאַן פון דער אידישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג מיט אַ רעכט צו באַשטייערען די אידישע באַפעלקערונג האָבען די קהלות נאָך דאַן ניט באַזעסען. און די גאַנצע הכנסה זייערע איז באַשטאַנען פון די מאָגערע נדבות, וואָס א קליינער, מעהר באַוואוסטזיניגער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט פרייוויליג בייגעשטייערט.

זעלבסט־פאַרשטענדליך, אַז ביי אַזעלכע קלאָגענדיגע פינאַנסען האָט ניט נאָר ניט געקענט זיין קיין רייד פון איבערנעמען אַלע קהל׳שע אנשטאַלטען, ווי די אידישע שולען, שפּיטעלער, מושב זקנים׳ס און אַנדערע, אדער עפענען עהנליכע אַנשטאַלטען וואָס די קהלות האָבען לויט זייערע סטאַטוטען געדאַרפט טאָן, נאָר כמעט אַלע פאַראַנטוואָרטליכע בעאַמטע און אָנגעשטעלטע האָבען פּאַקטיש געאַרבייט אומזיסט. און אַנדערע, פיליכט ניט קלענערע שטערונג אין דער נאָרמאַלער פּראַקטישער אַנטוויקלונג פון די קהלות זיינען טיילווייז אויך געווען די אָפטע אינעריבע רייסערייען און ענדלאָזע פּאָלעמישע דעבאַטען, וואָס פלעגען אַרויפשווימען ביי יעדער וויכטיגער און ניט וויכטיגער פראַגע

צווישען די פארשידענע פּאָליטישע ריכטונגען און מעהר ווי רעפּרעזענטירען די אידישע באַפעלקערונג ביי פארשידענע אָפּי־ציעלע געלעגענהייטען האָבען די קהלות דאמאָלס כמעט גאָר ניט געטאָן.

דאָך האָבען די דאָזיגע אימפּראָוויזירטע קהלות געהאַט א גרויסען מאָראַלישען פארדינסט שוין דערמיט אליין, וואס, ערש־טענס, זיינען זיי געווען די ערשטע, וועלכע האָבען געהאָלפען אָר־גאַניזירען ארום זיך די ביז דאַן דעזאָרגאַניזירטע און צעשפּליטער־טע כוחות און האָבען אויך געהאָלפען אנטוויקלען דעם געזעל־שאַפטליכען און פּאָליטישען אינסטינקט און באוואוסטזיין ביי די ברייטע פאָלקס־מאסען. און צווייטענס, האָבען די קהלות שוין דאמאָלס געלעגט דעם פונדאמענט פאר דער שפּעטער אונטער דער אוקראַינער מאכט באַקומענער *נאַציאָנאַל־פּער־זאָנאַלער אויטאָנאָמיע*.

דערווייל האָט מען זיך אָנגעהויבען גרייטען צו די וואהלען אין דער אל־רוסישער *גרינדונגס־פּאַרזאַמלונג*, וועלכע האָט געדאַרפט געזעצליך פארפעסטיגען די עראָבערונגען פון דער מערץ־רעוואָלוציע, שאפען די קאָנסטיטוציע פון דער רוסלענדישער רעפּובליק און בכלל לעזען אלע אינערליכע פּאָ־ליטישע און נאַציאָנאלע פראגען, די אידען־פראגע אויך בתוכם. אויף דער גרינדונגס־פאַרזאמלונג האָט דאָס רוסישע אידענטום, צוגלייך מיט אַלע אנדערע נאַציאָנאלע מינדערהייטען, געלעגט גרויסע האָפנונגען. די רוסישע אידען זיינען געווען זיכער, אז אין דער גרינדונגס־פארזאַמלונג וועט די אידען־פראגע ענדליך אלזייטיג באהאנדעלט און געלעזט ווערען אין דעם ברייטסטען און פּאָזיטיווסטען זין.

דערצו איז אָבער נויטיג געווען צו שאפען אן אויטאָריזיר־טען אָרגאַן, וועלכער זאָל באַפאָלמעכטיגט קומען אין דער גרינ־דונגס־פארזאמלונג און ריידען אין נאָמען פון גאַנצען אידישען פּאָלק און פאָדערען זיינע פּאָליטישע און נאַציאָנאלע רעכט. איז דארום באשלאָסען געווארען איינצייטיג מיט דער רוסישער גרינ־דונגס־פארזאַמלונג צונויפצורופען אן אל־רוסישען *אידישען צוזאמענפאָהר*, אויף וועלכען עס האָבען געזאָלט זיין פאר־

טראָטען אַלע אידישע קהלות אַלס אזעלכע, און אַלע אַנדערע אי־דישע נאַציאָנאַלע, פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַ־ציעס און וועלכער האָט געדאַרפט אויסאַרבייטען אַלע קאָנקרע־טע פאָדערונגען אונזערע און אויסטיילען פון זיך די נויטיגע פאָרשטעהערשאַפט די דאָזיגע פאָדערונגען צו פאַרטיידיגען אין דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. און אויף דער אידישער גאַס האָט זיך ווידער אָנגעהויבען א היים שטיקעל צייט פון פיבערהאַפ־טער פאָרבערייטונגס־ארבייט צום דאָזיגען אַל־רוסישען אידישען צוזאַמענפאָהר. ווידער ראַשיגע מיטינגען, היציגע דעבאַטען, רע־דעס, אַגיטאַציעס און וואַהלען.

דעם צוזאַמענפאָהר איז אָבער ניט באַשערט געווען זיך צו־זאַמענצוקומען. ניט לאַנג נאָך די וואַהלען איז פאָרגעקומען די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש, און כאָטש די באָל־שעוויקעס האָבען צונויפגערופען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, האָבען זיי זי אָבער אויף׳ן צווייטען טאָג צעטריבען. און פאַר דעם אַל־אידישען צוזאַמענפאָהר איז שוין מעהר ניט נויטיג געווען זיך צוזאַמענצוקומען.

מיט׳ן צעטרייבען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָט זיך פּאַקטיש געענדיגט דער פריהלינגס פעריאָד פון דער רוסישער רעוואָלוציע און עס האָט זיך אָנגעהויבען דער פּאָליטישער הערבסט אין דער פאָרם פון די פאַרשידענע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנדען, באָלשעוויסטישער און ווייסען טעראָר און אידישע פּאָגראָמען.

פאַר די רוסישע אידען אָבער איז דער פרייהייטס־פריהלינג מיט אַלע זיינע האָפנונגספולע מיראַזשען נאָך פיל פריהער אַוועק. שוין בעת די וואַהלען צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, וועלכע זיי־נען פאָרגעקומען מיט אַ פּאָר חדשים פריהער, זיינען די שוואַרץ־מאַה׳ניקעס אַרויסגעקראָכען פון זייערע טיילווייז באַהאַלטענע לע־כער און געשטיצט פון דער פרעסע פרייהייט, וואָס די רעוואָ־לוציע האָט זיי געגעבען, האָבען זיי פון דאָס ניי אויפגעהויבען אַ ווילדע אַנטיסעמיטישע און פון קיינעם ניט געשטערטע אידען־העצע פול מיט שקרים און בלבולים פּונקט ווי אין די נאָך ניט פאַרגעסענע אַלטע גוטע ניקאָלאַיִשע צייטען, וועלכע איז אין פילע פאַלען טאַקע איבערגעגאַנגען פון ווערטער צו טאַטען.

און שוין דאמאלס, אין גאנצען א פּאָר חדשים נאָך דער גלאָרדייכער און אזוי פיל פאר אונז פארשפּרעכענדער רעוואָ־לוציע, האָבען זיך אויפ׳ן אידישען הימעל אין רוסלאנד אָנגעהוי־בען אָנרוקען מרה־שחורה׳דיגע אנטיסעמיטישע פּאָגראָם־וואָלקענס, וועלכע האָבען גאָר אין גיכען פארטונקעלט די פּאָר ליכטיגע שטראהלען, וואס די רעוואָלוציע האָט מיט זיך געבראכט. און די פייערליכע פרייהייט־שטימונג וואס האָט געהאַט ארומגעכאפּט דאָס גאנצע רוסישע אידענטום אין אָנפאנג פון דער רעוואָלו־ציע האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבען אָפּטרעטען פאר מורא׳דיגע יאוש־געפיהלען, וועלכע האָבען דערגרייכט זייער טרויעריגען קלי־מאקס אין די שרעקליכע פּאָגראָמען וואָס האָבען אין גיכען :ע־פּאָלגט.

# ערב דער גרינדונגס פארזאמלונג.

(אידישע שטימונגען)

1.

דעם היגען אידענטום קומט איצט אוים איבערצולעבען מרה־שחורה'דיגע און עגמת־נפש־דיגע טעג אין צוזאמענהאנג מיט די פארקומענדיגע וואהלען צו דער רוסישער גרינדונגס פארזאמלונג, אויף וועלכער ס'וועט צווישען אנדערס אויך געלייזט ווערען די אידען־פראגע, ענטשידען ווערען אונזערע געזעצליכע רעכטע אלס א פאלק און אלס א טייל פון דער רוסלענדישער באפעלקערונג.

דאס איז דערפאר, וואס די גרינדונגס פארזאמלונג, אויף וועלכער מ'קוקט ארוים זינט די רעוואלוציע איז פארגעקומען און אויף וועלכער יעדע נאציאנאליטעט לעגט אזוי פיל האפנונגען, קומט פאר אין ווייט ניט גינסטיגע פאר אונז באדינגונגען. און אורטיילענדיג נאך דער ווענדונג וואס די לעצטע אינערליכע געזעלשאפטליכע געשעהעענישען האבען אנגענומען בנוגע צו אונז, קומען ניט ווילענדיג טרויערדיגע, פעסימיסטישע מחשבות אויפ'ן געדאנק, וועלכע זיינען ליידער גארניט גרונדלאז. די וואהלען צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג צו וועלכע מען טרעט שוין צו, קומען נעמליך פאר אין א אידען־פיינדליכער אטמאספערע. עס האבען זיך שוין אנגעהויבען, אזוי ווי מען האט פאראויסגעזעהן, איבער'ן גאנצען לאנד פאגראם־העצעס, וועלכע האבען שוין אין א רייהע שטעדט באוויזען איבערצוגעהן פון ווערטער צו טהאטען און וועלכע האבען שוין אזוי ווי אין די גוטע אלטע ניקאלאישע צייטען, געבראכט פילע אידישע קרבנות.

וואלט די גרינדונגס־פארזאמלונג פארגעקומען מיט א פאר חדשים צוריק, אזוי ווי מען האט ערווארטעט, בשעת דער פריי־הייטס־ענטוזיאזם איז נאך ניט געוועזן פאראיבער און אפגעקיהלט ווי יעצט, וואלטען מיר געקענט און געמעגט זיין פיל רוהיגער און אפטימיסטישער אין באצוג צו די רעזולטאטען פון דער פאר־

זאמלונגס־ארבייט. ליידער איז אָבער די גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג, צוליב טעכנישע און פּאָליטישע אורזאַכען, אָפּגעלעגט געוואָרען ביז איצט, וועלכעס האָט געגעבען די שווארצע רעאַקציאָנערע עלעמענטען די מעגליכקייט צונויפנעמען אלע זייערע פינסטערע כחות און אָנפיהרען אַן ענערגישע עפענטליכע, אונגעשטערטע אַנטי־סעמיטישע אַגיטאַציע, אילוסטרירט מיט לעבעדיגע פּאָגראָמען.

און עס איז שוין איצט ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט, אַז אין דער קומענדער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג וועלען דיזע שוואַרצע, רעאַקציאָנערע, אַנטיסעמיטישע עלעמענטען זיין שטאַרק פאַרטראָטען. און ווען מען דערמאָנט זיך, אַז זיי וועלען דאָס דאַרפען ענטשיידען און באַשטימען אונזערע צוקונפטיגע פּאָלי־טישע און נאַציאָנאַלע רעכטע דאָ אין לאַנד, דאַן איז דאָ פאַר וואָס מורא צו האָבען און זיך באַאומרוהיגען.

ווי איהר זעהט האָט דער אידישער פרייהייטס־פריהלינג דאָ געדויערט ניט לענגער פון דעם קלימאַטישען — אַ פּאָר חדשים אינגאַנצען, און וועהרענד אלע אַנדערע פעלקער דאָ פרעהען זיך נאָך מיט דעם פרייהייטס־זיג און מיט די רעכטע, וועלכע ער האָט זיי געבראַכט און וועט זיי ערשט ברענגען, ווערען די אידישע הערצער שוין אָנגעפילט מיט הערבסט־געפיהלען און יאוש שטימונגען...

אָקטאָבער, 1917.

## .2

די פּאָעזיע פון דער רוסישער רעוואָלוציע איז פאר'ן היגען אידענטום שוין לאַנג פּאָריבער. נאָך אין די ענטוזיאַסטישסטע און פייערליכסטע מאָמענטען פון דער פרייהייטס־באַוועגונג האָבען זיך שוין אויפ'ן אידישען הימעל באַוויזען שוואַרצע וואָל־קענס, וועלכע האָבען צוערשט אָנגענומען די פּאָרם פון אומ־שעדליכע אָבער שענדליכע אַנטיסעמיטישע העצעס געגען אונז אין צוזאַמענהאַנג מיט'ן יקרות און שפּייז־קריזיס. ביסלאַכווייז אָבער זיינען די שוואַרץ־מאה'ניקעס, וועמעס פּאָזיציע עס פאַר־שטאַרקט זיך צווישען די פינסטערע אומוויסענדע מאַסען,

איבערגעגאנגען פון ווערטער צו טהאטען, די פאָלגען פון וועלכע זיינען א גאנצע רייהע בלוטיגע פּאָגראָמען אין פילע אידישע שטעדט און שטעטלאך, מיט מענשליכע קרבנות, צוראבירטעס און אונטערגעצונדענעס אידיש האָב און גוטס, פונקט ווי אין די גוטע פינסטערע צייטען פון ניקאָלאי דעם לעצטען.

ליידער ווערט דער רוסישער אַנטיסעמיטיזם ניט שוואַכער זאָנדערן שטאַרקער. ער פאָלגט נאָך דער רעוואָלוציע טריט ביי טריט און אלע מאָל רופט ער ארויס אַנדערע ערשיינונגען פון דער צייט פון דער רעאקציע, וועלכע מען האָט שוין געהאַלטען פאַר זאכען פון דער פארגאַנגענהייט. אזוי האָט זיך לעצטענס צוריק באוויזען אויף דעם רוסישען האָריזאָנט דאָס פארשאָלטענע, אַלטע אָבער אימער נייע וואָרט „זשיד", וועלכעס האָט באקומען אויף דער ארענע פון פּאָליטישען קאמף די גלייכע בירגער־רעכטע מיט אלע אַנדערע פּאָליטישע טערמינען, ווי צ. ב. ש., קריג, פרידען, אַנעקסיע, קאָנטריבוציע און ד. גל.

ווען די רוסישע „רעוואָלוציאָנערע" מאַסע וויל זיך אָפּרע־כענען מיט איהרען א פּאָליטישען געגנער אָדער זאָגאר א נעכטיגען אָפּגאָט, דאן געפינט זי פאר איהם ניט קיין אַנדערען שענדליכען נאָמען ווי „זשיד". און אזוי טאקע, צום ביישפּיל, ווערט קערענסקי, דער נעכטיגער שטאָלץ און גייסטיגער פּאָטער פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וועלכער האָט פּלוצים פארלאָרען זיין גאנצען חן ביים אומוויסענדען רוסישען פּאָלק, פארוואנדעלט אין א „זשיד". און ווען איהר הערט א רעדעל רוסען רעדען פון קערענסקי'ן, דאן זייט איהר זיכער, אז באַלד וועט אויך פאָלגען אין צוזאמענהאַנג מיט זיין נאָמען דער אומ־פארמיידליכער „זשיד" — און ניט ווילענדיג מוזט איהר אראָפּשלינגען דיזען ליגען און שווייגען, אָבוואָהל בשעת מעשה טראַכט איהר זיך — הלואי איז דאָס אמת, ווייל אויב איהר ווילט נעמען באוויזען, אַז קערענסקי איז ליידער ניט קיין „זשיד", דאן זענט איהר ניט זיכער מיט אייער לעבען. און אויב קערענסקי'ס יורש עצר און ממלא מקומו — טראָצקי'ן — רופט מען נאָך ניט אָן „זשיד", איז דאָס נאָר דערפאר, וואָס ער האָט נאָך ניט אוועקגעגעבען דעם רוסישען פּאָלק אלע זיינע

בעסטע קרעפטען, אזוי ווי קערענסקי. איהר מעגט אָבער זיכער זיין, אז אזוי גיך ווי די אומדאנקבארע רוסישע מאסע וועט ביי טראָצקי'ן צונעמען אלעס וואָס ער פארמאָגט און וועט דורך איהם אפשר קריגען דאָס וואָס ער האָט איהר צוגעזאָגט — שלום, ערד און פרייהייט, וועט זי איהם אויך מיט פאראכטונג אָפּשטויסען פון זיך אלס פארדאמטען „זשיד“.

אָט אזוי מאכט אין רוסלאנד די רעאקציע פאָרטשריט, ניט קוקענדיג אויף דער רעוואָלוציע, און איהרע קרבנות זיינען, ווי תמיד, די אידען.

נאָוועמבער, 1917.

---

# די לאַגע פון די אידען אין אוקראַינע.

אַ טרויעריגען סך־הכל קומט אונז אויס, אוקראַאינישע אידען, דורכצופיהרען צום קומענדען דריטען יאהרעספּעסט פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

דער גאָלדענער פריהלינג, צוזאַמען מיט אלע זיינע ישועות ונחמות, מיט אלע גוטע האָפנונגען און ערוואַרטונגען, וואָס ער האָט אונז געבראַכט, איז פּונקט אַזוי אונערוואַרטעט אַוועק ווי ער איז געקומען. אינגאַנצען האָט דער גליקלאַכער און ווירקליך אומפּאַרגעסליכער פּעריאָד געדויערט בלויז אייניגע מאָנאַטען — ביז'ן באָלשעוויסטישען אויפשטאַנד אין אָקטאָבער 1917. זינט דאַן האָט די רוסישע רעוואָלוציע אָנגעהויבען געהן מיט ריזיגע שריט באַרג אַראָפּ. דיזער ריקווערטס־פּראָצעס פון דער רעוואָלוציע האַלט נאָך אין אַנטוויקלען זיך, אָבער עס איז גאָר ניט שווער פאָראויסצוזעהען אין וואָס פאַר אַ פאָרם ער וועט זיך אויסגיסען...

אין דעם בירגער־קריג, וואָס געהט דאָ איצט אָן, איז אויך דאָס רוסלענדישע אידענטום, פאַרשטעהט זיך, ניט געבליבען אומבאַריהרט. פּונקט ווי תמיד איז עס אויך דאָס מאָל דער „שעיר לעזאזל", צו וועמענס קאָפּ עס געהט אויס יעדער זיעג אָדער נידערלאַגע פון דעם אָדער יענעם קעמפּענדען צד.

אַמשטאַרקסטען און שווערסטען אָבער האָט זיך אָט דער רוסלאַנד'ס־צעפאַלונגס־פּראָצעס אָפּגערופען אויפ'ן אוקראַאינישען אידענטום. אוקראַינא, אָדער „קליין־רוסלאַנד", ווי עס הייסט שוין ווידער, איז פון שטענדיג אָן געווען די נעסט פון דער רוסישער שוואַרץ־מאה'שער רעאַקציע. און אויך איצט, אַ דאַנק דעם פינסטערען און אומקולטורעלען מצב פון דער דאָרטיגער באַפעלקערונג, 90 פּראָצענט פון וועלכער באַשטעהט פון דער פויערשער מאַסע, האָט אוקראַינא געדינט אלס אַ גינסטיגער באָדען פאַר אַלערליי אַוואַנטוריסטישע, רעאַקציאָנערע און שאָ־וויניסטיש־נאַציאָנאַליסטישע עקספּערימענטען. אַזוי האָבען אין משך פון די לעצטע צוויי יאָהר פאַרכאַפּט די מאַכט אין

אוקראינע: צוויי מאָל די באָלשעוויקעס, צוויי מאָל פּעטליורא, איין מאָל דער העטמאַן און איצט דעניקין. און ווער קאָן זאָגען, אַז דערמיט ענדיגט זיך עס שוין? און אָהן אידיש בלוט איז קיינע פון די אויבען־דערמאָנטע „מאַכט פאַרכאַפּענישען" אָדער אויפשטאַנדען ניט פאָרגעקומען.

באַזונדערס טייער האָט אָפּגעקאָסט דעם אוקראַינישען אי־דענטום פּעטליורא׳ס צווייטער אריינקומען אין יוני־יולי, 1919. ניט האָבענדיג קיין רעגולע מיליטער און שטיצענדיג זיך בלויז אויף פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, צו וועלכע עס איז גערן צוגעשטאַנען יעדער פאַרברעכערישער פּויערען עלעמענט, און ניט האָבענדיג מיט וואָס זיי צו צאָהלען, האָט פּעטליורא, ווילענדיג צי ניט ווילענדיג, געמוזט אָנקומען צום אַלטען אויסגעפּרובירטען און באַליבטען מיטעל, וועלכעס האָט איהם געהאָלפען אויסהאַלטען און פאַרגרעסערען דיזע „ארמיי" זיינע — צו אידישע פּאָגראָ־מען. און ניט אזוי גיך וועט דאָס אוקראַינישע אידענטום פאַר־געסען דעם בלוטיגען טריאומף־מאַרש פון פּעטליורישען חיל אי־בער די הונדערטער און הונדערטער חרוב געמאַכטע אי־דישע שטעדט און שטעדטלאַך, וועלכער האָט אונז אָפּגעקאָסט טויזענדער און טויזענדער הרוגים, פאַרוואונדעטע און געשענ־דעטע, און אויף מיליארדען צערויבטעס און צעשטערטעס אידיש האָב און גוטס.

ענדליך זיינען די פּעטליורישע פּאַרטיזאַנישע באַנדעס פאַר־ביטען געוואָרען דורך דעם אריינגעקומענעם דיסציפּלינירטען גאַ־ליצישען מיליטער און דער פּאָגראָם־פּעריאָד האָט ווי אויפגע־הערט. און אין די לעצטע פּאָר חדשים פון פּעטליורא׳ס הער־שאַפט, אַ דאַנק די באַמיהונגען פון אידישען מיניסטעריום און די קהלות אויף די ערטער, האָט דאָס אידישע לעבען שוין ווי אָנגעהויבען צוריק אריינגעהן אין זיינע נאָרמאַלע ראהמען.

נאָר די אידישע באַפעלקערונג האָט נאָך ניט באַוויזען רעכט צו זיך צו קומען, ווי פּעטליורא׳ס הערשאַפט האָט זיך שוין גע־ענדיגט און זיין אָרט האָט ער געמוזט אָפּטרעטען ד ע נ י־ ק י נ׳ע ן. פאַר זיין אַוועקגעהן אָבער האָט ער זיך אפּנים ווידער דערמאָנט, אז עס זיינען נאָך פאַראַן אידען אין אוקראינע

און אַ פּאָר טעג פאַר זיין אנטלויפען לאָזט ער ארוים זיין באַוואוסטען באפעהל (נאקאז) ק. פּ. נומ. 6, וועלכער הייסט „רעקווירען" ביי דער באַפעלקערונג אלע איבעריגע זאכען, וואָס קענען נוצען דער דאַן שוין דעמאָראליזירטער און גוסס'דיגער אוקראינישער ארמיי.

פארשטעהט זיך, אז „ביי דער באַפעלקערונג" האָט מען געמיינט בלויז אידען און די זעלנער האָבען זיך מיט גרוים חשק און ענערגיע אלאָז געטאָן איבער די אידישע הייזער און קליימען דורכצופיהרען זייער הויפּט אָטאָמאַן פּעטליורא'ס לעצטען באַפעהל. און וואָס עס איז זיי ביי דיזע „רעקוויזיציעס" געקומען צו די הענט — פוטערנע טולופּעס, קאַראַקולענע היטלען, קישען, קאָלדרעס, נעה מאשינען, פארשידענע באקאליי און אנדערע סחורות און מזומן געלד אודאי, אלעס איז געוועזן פאַר דער באַפעלקערונג איבעריג און פאַר דער גוסס'דיגער ארמיי ניצליך.

די דאָזיגע „רעקוויזיציעס", וועלכע זיינען פאָרגעקומען איינצייטיג איבער גאַנץ אוקראינא, האָבען פון דאָס ניי אפּגעקאָסט דער אידישער באַפעלקערונג א גרויסען טייל פון זייער פארמעגען.

נאָר אָט איז מען שוין דאָס אויך איבערגעקומען. און אין אַ פּאָר טעג ארום, אָנפאנג נאָוועמבער ד. י., הויבען אָן אריינקומען די דעניקינישע אוואנגארד טיילען, וועלכע באַשטעהען פון קובאנער קאָזאקען. ביי זייער אריינקומען געהט זיי די אידישע באַפעלקערונג, צוזאמען מיט דער ניט־אידישער, ארויס אקעגען, זייענדיג זיכער, אז די, וועלכע געהען מיט'ן הויכען לאָזונג: איינשטעלען רוהע און ארדנונג אין דער איינהייטליכער, ניט צעטיילבאַרער רוסלאנד, וועלען געוויס אליין די רוהע און אָרדענונג פון דער פרידליכער אידישער באַפעלקערונג ניט שטערען.

די אידישע זיכערקייט און האָפנונג איז אָבער, אזוי ווי תמיד, אויך איצט אומבאַגרינדעט, ווייל שוין אין דער זעלבער נאכט, וואָס זיי קומען אריין טרעטען די קובאנער קאָזאקען צו צו זייער בלוטיגער ארבייט איבער דער שוצלאָזער אידישער באַפעלקע־

רונג. דאָס דויערט אזוי לאנג ביז זיי פאָהרען ענדליך ניט ארוים כדי איבערצו'חזר'ען די זעלבע פּאָגראָם־ארבייט אין אנדערע אי־דישע שטעדט און שטעדטלאך. קיעוו, פאסטאָוו, טאָמאשפאל, קורילאָוועץ, מאָהילעוו און צעהנדליגער אנדערע וועלען פארנעמען אן אָנגעזעהענעם אָרט אין דער געשיכטע פון די לעצטע דעני־קינישע פּאָגראָם־געשעהענישען אין אוקראינא. אזוי איז פארגאָ־סען געווארען אומשולדיג אידיש בלוט ביים צעפאלען פון רוס־לאנד און אזוי ווערט עס איצט ווידער פארגאָסען ביים צוריק אויפשטעלען.

דאָס טרויעריגסטע און שמערצליכסטע דערביי איז, וואָס מיר האָבען אפילו ניט די מעגליכקייט עפענטליך צו פּראָטעס־טירען געגען דיזע בארבארישע, שענדליכע, אומזיסטיגע, ניט אויפ־הערענדע אידישע שחיטות. אין אוקראינא גופא בליהט און פארשפרייט זיך שטארק די שווארץ־מאה'שע פרעסע מיט'ן אלט־באקאנטען און צוריק לעבעדיג געווארענעם „קיעוולאנין" בראש, וועלכע הערט ניט אויף צו גיסען פעך און שוועבל אויף די אי־דען, וואס זיינען שולדיג אין רוסלאנד'ס אלע צרות און פאר וועמען פּאָגראָמען אליין זיינען נאָך ווינציג. אויסער דעם ווערט נאָך דורך דער זעלבער שווארץ־מאה'שער פרעסע געפּרעדיגט באָי־קאָטען געגען אידען אלא פּוילען און ד. גל. און קיין באדויי־טענדע פּראָגרעסיווע פרעסע וואָס זאל זיך איינשטעלען פאר אונז איז דאָ לע"ע אזוי גוט ווי ניט פאראן. פון אויסלאנד ווי־דער זיינען מיר אודאי אָפּגעריסען. בלייבט אונז נאָר איבער צו שטיקען זיך מיט'ן אייגענעם אומשולדיג־פארגאָסענעם בלוט און אָננעמען אלעס פאר ליב, אזוי ווי עס ראָט אונז טאקע דער אלטער שונא ישראל — ש ו ל ג י ן אין זיין שווארץ־מאה'שען „קיעוור־ליאנין".

שווערע, זעהר שווערע צייטען לעבט דאָס אוקראַינישע אי־דענטום איבער די לעצטע פּאָר יאָהר און דער בלוטיגער מאַר־טיראָלאָג אונזערער איז, ווי עס שיינט, נאָך ווייט ניט געענ־דיגט...

דעצעמבער, 1919.

# אוקראַינער שטעדטלאך.

(רייזע־איינדרוקען)

אַ טרויעריג בילד שטעלען מיט זיך איצט פאַר די אידישע שטעטלאך אין אוקראַינע און באַזונדערס די פון זיי, וועלכע ליגען נאָהענט צום אוקראַיניש־באָלשעװיסטישען פראָנט (אין די געגענ־דען וואו עס קומען איצט פאַר די „פּאָווסטאַנטשעסקי אויפ־שטאַנדען).

אַ מרה־שחורה'דיגע שטילקייט באַגעגענט אווך ביים אָנקומע' אין איינעם פון די דאָזיגע שטעטלאך. אָפּגעשלאָסען שטעהען די מעהרסטע טייל קלייטען, פארהאַקט זיינען אַ סך לאָדען און טירען און פּוסט זיינען די גאַסען. אָפּגעשטאָרבען איז דער גאַנצער אידישער האַנדעל און וואַנדעל. נישטאָ מעהר דער רעש און טומעל, וועלכע איהר זענט געוואוינט געווען צו טרעפען אין די דאָזיגע שטעטלאך ערשט מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק.

זעלטען וואו נאָר שטעהען עטליכע אידען אין אַ רעדעל און שמועסען זיך איבער מענינא דיומא, נערוועז ארומקוקענדיג זיך יעדעס מאָל ווען עס הערט זיך דאָס אָנקומען פון אַ פוהר אָדער דער גאַלאָפּ פון אַ פערד, זייענדיג גרייט יעדע רגע זיך צו צעלויפען אויב דאָס קומען חלילה אָן סאָלדאַטען...

איבערצייגענדיג זיך, אַז דאָס קומט אָן איינער מאחינו בני ישראל, רינגעלט מען אייך תיכף ארום פון אַלע זייטען, נייגעריג צו וויסען: „וואָס הערט זיך עפּעס ביי אייך? ווי אזוי איז דער וועג? און ווי האַלט עס מיט פּאַלעסטינא?" און יעדעס וואָרט אייערס, יעדער ענטפער, וואָס איהר גיט, ווערט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט און געשפּאַנטקייט אויסגעהערט און איבערגעגעבען פון איינעם צום צווייטען, פּונקט ווי איהר וואָלט עס אָנגעקומען פון יענער זייט ים און דערציילט עפּעס חדושים ונפלאות.

און ווען איהר שטעלט צוריק אַ פראַגע: „נו, וואָס הערט

זיך ביי אייך?" קריגט איהר א קורצען ענטפער: „שלעכט, שלעכט!" און אָפּזייענדיג אַ פּאָר טעג איבערצייגט איהר זיך אין דער ריכ־טיגקייט פון דעם דאָזיגען ענטפער. ווייל יעדער טאָג קומט אייך דאָ אויס גלייך מיט אַלעמען איבערצולעבען אלעמאָל אַנדערע טויט־שרעקען, וועלכע זיינען ענג פארבונדען מיט'ן פראָנט. יעדער טאָג ברענגט מיט זיך די טרויעריגע ידיעה וועגען אַ פּאָגראָם אין דעם אָדער יענעם דערבייאיגען שטעדטעל, וועגען געפונענע הרוגים אויף דעם אָדער יענעם נאָהענטען וועג און ד. גל.

צו דעם אַלעמען רעכענט נאָך צו די אָפטע רעקוויזיציעס און קאָנטריבוציעס פון די דורכגעהענדע מיליטערישע טיילען, דעם אַלץ שטייגענדען יקרות און ארבייטסלאָזיגקייט — און אייך ווערט קלאָר און פארשטענדליך די מרה־שחורה, דער יאוש, וואָס ליגט דאָ אויף יעדען איינעם. און אייך וואונדערט שוין ניט מעהר פארוואָס יעדער איד דאָ — פארמעגליכער אָדער ניט־פארמעגליכער, ציוניסט אָדער ניט ציוניסט, אינטערעסירט זיך אזוי שטארק מיט דער פראַגע פון עמיגראַציע בכלל און פּאַלעס־טינא בפרט און איז גרייט כאָטש היינטיגען טאָג איבערצולאָזען אַלעס אויף הפקר און לויפען וואוהין די אויגען וועלען איהם טראָגען, אַבי נאָר פּטור צו ווערען פון דער אייביגער מורא און שרעק...

יולי, 1920.

# די פּאָגראָמען אין פּאָדאָליע אין 1919 און 1920.

(אַ קורצער איבערבליק)

דער רעזולטאט פון דעם בירגער־קריג אין אוקראינא, וואס האָט זיך דאָרט אָנגעהויבען כמעט תיכף נאָך דער רוסישער רעוואָ־לוציע און האלט נאָך פאקטיש אָן ביז היינט, איז, ווי באוואוסט, פאר די אוקראינער אידען געווען אַן ענדלאָזער ים פון בלוט, טרערען און נויט. און אין דעם דאָזיגען בלוטיגען מבול, וועלכער האָט די לעצטע פּאָר יאָהר פארפלייצט און פאר־טרונקען דאָס גאנצע אוקראינער אידענטום, האָבען אויך די אידען פון פּאָדאָליע ארייגעטראָגען ניט קיין קליינעם חלק בלוט...

פּאָדאָליע איז געאָגראפיש אַן איזאָלירטע געגענד און דער אי־דישער ישוב דאָרט באשטעהט אממעהרסטען פון קליינע, צע־וואָרפענע שטעדט און שטעדטלאך, וואו מען קען אומבאַשטראפט און פון קיינעם ניט געשטערט מאָרדען און רויבען די אידישע באפעלקערונג.

איינער פון די ערשטע און צו דער זעלבער צייט דער בלו־טיגסטער און שרעקליכסטער פון די דאָזיגע מינים פּאָגראָמען אין פּאָדאָליע איז, ווי באוואוסט, פּאָרגעקומען אין פּראָסקוראָוו אין אָנפאנג 1919, נאָך אַ ניט געלונגענעם באָלשעוויסטישען אויפשטאנד פון דעם דאָרטיגען אוקראינישען 8טען בעלגאָראָדער פּאָלק און די באהן ארבייטער. אין משך פון עטלאכע שעה בלויז זיינען דורך די שווערדען פון די זיגרייכע היידאמאקעס, מיט'ן וואָרשיינליכען הסכם פון דער העכערער פּעטליורישער מאכט און אונטער דער אָנפיהרערשאפט פון דעם אָטאָמאַן סעמאסענקאָ, אומגעקומען קרוב צו צוויי טויזענט אידען, ניט רעכענענדיג די הונדערטע פארוואונדעטע און געשענדעטע.

דערמיט האָט זיך אָפיציעל אָנגעהויבען די נקמה פון די אוקראינצעס אין די באָלשעוויקעס...

און צוזאמען מיט די פּארטיזאנישע טיילען, אָדער ריכטיגער געזאָגט, באנדעס, האָט זיך די שוידערליכע און בלוטיגע פּאָגראָם־

כוואַליע פאַרשפּרייט איבער אַלע פּאָדאָליער שטעדט, שטעטלאַך און זאָגאַר דערפער, וואו עס האָבען זיך נאָר געפונען אידען. אין דעם דאָזיגען פּעריאָד איז דער הויפּט לאָזונג בעת די פּאָגראָמען געווען: „ב ע י ז ש י ד אָ ו ו - ק אָ מ ו - נ י ס ט אָ ו„ און חדשים לאַנג האָט אָנגעהאַלטען די דאָזיגע בלוט-באָד איבער דער הילפלאָזער אידישער באַפעל-קערונג.

די רואינירטע און צוגראָמירטע אידישע באַפעלקערונג אין פּאָדאָליע האָט נאָך ניט באַוויזען צו פאַרגעסען די שרעקלאַכע פּעטליורישע איבערלעבונגען ווי אויף איהר האָט שוין גע-לויערט אַ נייער, ווילדער שונא — די פרייוויליגע דעניקינישע אַרמיי.

אַרום נאָוועמבער 1919 פאַרכאַפּט דאָס דעניקינישע מילי-טער די טעריטאָריע פון פּאָדאָליע און הויבט זיך אָן זיגרייך פאַרשפּרייטען איבער די זעלבע שטעדט און שטעטלאַך, פון וועלכע די אידישע באַפעלקערונג איז ערשט מיט קנאַפּע 3 חדשים צוריק צעגראַבירט געוואָרען פון די פּעטליוראָווצעס.

די דאָזיגע פּאָגראָמען, וועלכע זיינען שוין פאָרגעקומען אונטער אַ גאַנץ אַנדערען לאָזונג: „ב ע י ז ש י - ד אָ ו ו, ס פּ אַ ס אַ י ר אָ ס י ו”, האָבען איבערגע-שטיגען די פריהערדיגע פּעטליורישע פּאָגראָמען ניט נאָר מיט דער צאָהל הרוגים, פאַרוואונדעטע און געשענדעטע, נאָר אויך מיט די ווילדע אכזריות'דיגע מיתות משונות, וואָס זיינען פון די רוצח'ישע דעניקינישע אַזיאַטען צוגעטראַכט געוואָרען פאַר די אומגליקליכע אידישע קרבנות. די ווילדע קאָזאַקען האָבען זיך ניט באַנוגענט מיט געוויינלאַכע הריגות. זיי האָבען די קרבנות, אָהן אונטערשיד פון עלטער און געשלעכט, צוהאַקט מיט די שווערדען, צושטאָכען מיט די שטיקעס (קריוואָיע אָזיערא), אונטערגעצונדען גאַנצע גאַסען און די קרבנות געוואָרפען לעבע-דיגערהייט אין פייער (לוטשינעץ, מיאַסקאָווקע און אַנד.), גע-האַנגען אידען אויף די בוידעמער און אין די קעלערס א. ד. גל.

אַז עס איז שוין ניט געווען כמעט מעהר וועמען און וואָס צו רויבען, האָבען ענדליך אויך די דאָזיגע פּאָגראָמען

אויפגעהערט. אָבער ווידער ניט אויף לאַנג. שוין אין אָנפאַנג 1920 מוזען די דעניקינצעס, אונטער דעם אנגריף פון די באָל־שעוויקעס, אָפּטרעטען פון אוקראַינאַ און אויך פון פּאָדאָליע, און זיי חזר׳ן איבער דאָס זעלבע, וואָסביים ארייננקומען: דיזעלבע אומשולדיגע הריגות, דיזעלבע אכזרישע געוואַלדטהאַטען, דיזעלבע האַרצרייסענדע און מורא׳דיגע הילפס־געשרייען פון דער אויף טויט־טעראָריזירטער און געפּייניגטער אידישער באַ־פעלקערונג, אויסגעמישט מיט אַ ווילדען געלעכטער פון די הוליגאַנעס און מערדער. ווידער אַמאָל ווערען די „אָבאָזען" אָנגעלאָדען מיט אידיש האָב און גוטס און אידישע הייזער געהען אַוועק מיט׳ן רויך.

דערמיט אָבער האָבען זיך נאָך די צרות און ליידען פון די פּאָדאָליער אידען ניט געענדיגט. בלויז אייניג חדשים האָט די אידישע באַפעלקערונג זיך פיזיש אָפּגערוט און אביסעל פרייער אָפּגעאָטעמט אונטער דער הערשאַפט פון די באָלשעוויקעס, ווי אין מאַי, 1920, באַווייזען זיך אין אייניגע געגענדען פון פּאָדאָליע (יאַמפּאָליער אויעזד) די אויפשטעהענדע באַנדעס פון דעם לעצ־טען פעטליורישען אַוואַנטיוריסט, דעם באַוואוסטען אָטאָמאַן און רוצח טיוטיוניק, וועמענס רציחות און שחיטות ווארפען אָן אַ טויט־שרעק אויף דער אידישער באַפעלקערונג פאַר מיילען ווייט.

און פונקט ווי ביי די פריהערדיגע פּאָגראָמען, אַזוי אויך איצט איז פאַר דער אידישער באַפעלקערונג קיין שום רעטונג און הילף פון ערגעץ ניט געווען. די ארומיגע קריסטליכע באַ־פעלקערונג, אויב זי האָט אַפילו ניט אומעדום זיך אַקטיוו באַ־טייליגט אין די פּאָגראָמען, איז זי אָבער מיט קליינע אויסנאַמען, שטענדיג געשטאַנען פון דער ווייטענס און גלייכגילטיג זיך צו־געקוקט צו די שחיטות און זאָגאַר ניט ארייננגעלאָזט צו זיך קיין אידען זיך צו באַהאַלטען. און פאַר די פאַרפאָלגטע אידישע קרבנות איז קיין אַנדער אויסוועג ניט געבליבען, ווי אָדער זיצען וואָכען לאַנג פאַרשפּאַרט אין הויז, אויפ׳ן בוידעם אָדער אין קעלער, אין פעלד אדער אין וואלד און יעדע מינוט ארויסקוקען אויף די גזלנים, אָדער זיך לאָזען אויף הפקר לויפען אין די

דערבייאיגע אידישע שטעטלאך, וואו די פּאָגראָמען האָבען זיי סאַי ווי סאַי געטראָפען שפּעטער.

די אידישע נערוועז זיינען שוין אָבער געוועזען צו ערשיטערט און די כחות צו ערשעפּט אום צו קענען נאָך איבערלעבען און איבערטראָגען די לעצטע טיוטיוניקישע פּאָגראָמען. און אַזוי שנעל ווי די דאָזיגע בלוטדורשטיגע באַנדיטען דערנעהנטערען זיך צו אַ שטעדטעל, לאָזט די דאָרטיגע אידישע באַפעלקערונג אי־בער אַלעס אויף הפקר און מיט שרעקליכע קולות און געוויינען לאָזט מען זיך לויפען צום איינציגען רעטונגס־פּלאַץ, וואָס איז נאָך געבליבען — צום טייך דניעסטער, די גרעניץ צווישען פּאָדאָליע און בעסאַראַביע, רומעניע, און ווארפען זיך בוכשטעבליך אין וואַסער אריין, מיט דער האָפנונג זיך צו ראַטעווען אויף יענער זייט ברעג — אין בעסאַראַביע. ניט אַלעמען אָבער געלינגט אַריבערצושווימען בשלום. פיעלע ווערען דערטרונקען און אַנדערע דערשאָסען אין מיטען וואַסער פון די קוילען פון זייערע פארפאָלגער — די טיוטיונאָוצעס. און ווער עס באַווייזט ניט באַצייטענס צו אַנטלויפען פון שטעטעל, דער פאַלט אַלס קרבן פון די בלוטיגע הענט פון די רוצחים און עס איז אפילו ניטאָ ווער עס זאָל די טויטע מקבר זיין. אַזוי וואַלגערען זיך די אידישע הרוגים טעג און זאָגאר וואָכען־ווייז ביז די הינט און חזירים עסען זיי טיילווייז אויף, אָדער ביז די פּויערים זיינען זיך ענדליך ניט „מרחם" און זיינען זיי מקבר...

און גאַנצע אידישע ישובים, ווי צעקינאָווקע, ווערבקע, קאָס־ניצע און פילע אַנדערע זיינען פון די טיוטיונאָוצים ממש אָפּ־געווישט געוואָרען פון דער ערד.

ארום ענדע 1920 איז דער אידישער באַפעלקערונג פון איי־ני־גע ערטער אין פּאָדאָליע נאָך אויך אויסגעקומען איבערצולעבען אַ פּאָגראָם מצד די באָלשעוויסטישע קאָזאַקען פון ק א ט א װ ס ק י ׳ ס און ב ו ד ע נ י ׳ ס אָפּטיילונגען, וועלכע זיינען טיילווייז באַשטאַנען פון געוועזענע דעניקינצים. מיט געשרייען: „ז ש י ד י ב ו ר ז ש ו א י !", האָבען זיך די באָל־שעוויסטישע חוליגאַנעס אריינגעריסען אין די אידישע הייזער און געראַבעוועט וואָס עס איז זיי נאָר געקומען צו דער האַנט.

קיין מענשלאכע קרבנות זיינען אָבער דאָס מאָל ניט געווען. ־ערצו האָט אויך די העכערע באָלשעוויסטישע מאכט אָנגענומען ענערגישע מיטלען כדי די דאָזיגע פּאָגראָמען באצייטענס אָפּצו־שטעלען און פילע שולדיגע זיינען פון'ם רעוואָלוציאָנערען טרי־בונאַל פאראורטיילט געוואָרען צום טויט. אין מאָהילעוו, צ. ב., האָט דער קאמענדאנט באגעגענט אויפ'ן צווייטען טאָג נאָכ'ן פּאָגראָם אַ רויטען אַרמייעץ, טראָגענדיג אַ בינטעל מיט גע־רויבטע זאַכען, האָט ער איהם אין מיטען גאַס דערשאָסען.

אָט אַזוי איז די פּאָדאָליער אידען צוגלייך מיט דעם גאַנצען אוקראַינער אידענטום אין משך פון די אויבען דערמאָנטע צוויי יאָהר אויסגעקומען איבערצולעבען איין פּאָגראָם נאָכ'ן אנדערען און איינעם שרעקלאכער פון צווייטען...

מאַרטש, 1921.

# די פּעטליורישע פּאָגראָמען אין אוקראינא.

(באַריכטען פון די ערטער)

די באַריכטען, וועלכע מיר פארעפענטליכען דאָ צום ערשטען מאָל, זיינען אָנגעקומען אין רעדאקציע פון מאָהילעוו־פּאָדאָליער „בולעטין", וואָס איז אין 1920 אַרויסגעגעבען געוואָרען פון דעם דאָרטיגען הילפס־קאָמיטעט אונטער דעם שרייבער'ס רעדאקציע און גיבען אַ ריכטיג בילד פון די ווילדע מעשים פון דעם פּעטליורישען חיל, וועלכעס איז כלומרשט געקומען באפרייען זייער „רידני", „סאַמאָסטיני" אוקראינא פון דעם מאָסקאַלישען (אַזוי פלעגען די אוקראַינצעס רופען די רוסען) יאָך.

אמת, די דאָזיגע באַריכטען באַציהען זיך בלויז אויף פּאָדאָליער גובערניע, אָבער דאָסזעלבע האָבען די פּעטליוראָווצעס געטאָן אין אַלע אנדערע גובערניעס, וואו זיי האָבען נאָר געשטעלט אַ פוס.

---

מ ו ר א פ א ־ פ א ד. — 1טען אויגוסט, 1919.

מיר מעלדען אייך פאָלגענדע ידיעות וועגען די שרעקלאַכע געשעהענישען ,וואָס זיינען פאָרגעקומען ביי אונז אין שטעדטעל. שבעה עשר בתמוז איז אין אונזער שטעדטעל אריינגעטראָטען מיליטער, וואָס האָט זיך מיט אַ ווילד געשריי — „שלאָג די אידען" געלאָזט לויפען אין די אידישע הייזער. באַלד האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּען פון אויסגעבראָכענע פענסטער, געשרייען פון אידען, וואָס האָבען זיך געזעגענט מיט'ן לעבען. די קאָזאַקען האָבען פון די בוידימער און קעלערס אַרויסגעשלעפּט אידען און זיי גע'שחט'ען. די רוסישע באפעלקערונג האָט גענומען אַן אַקטיווען אנטייל אין דער רויבעריי. אידיש האָב האָט זיך געטראָגען פון אַלע עקען. פארוואונדעטע האָבען זיך אין די גאַסען געוואלגערט. די מערדער האָבען זיך אריינגעריסען אויך אין די שפּיטאַלען און דאָרט די אידישע קראַנקע אויף די בעטלאַך דער'הרג'עט. עס איז געוועזן פאלען פון נויטען אידען

זינגען פאַר׳ן טויט. חיות האָבען געגריזשעט דאָס פלייש פון די טויטע, און פון פיעל הרוגים איבערגעלאָזט בלויז ביינער. דאָס שרעקליכע בילד האָט זיך געצויגען דריי טעג. דערווייל איז געבראַכט געוואָרען צו קבר ישראל 70 מענשען, נאָר עס פעהלען נאָך פיעל מענשען. אַ 16 יעהריגע מיידעל איז פון זינען אַראָפּ. פיעלע פרויען זיינען געשענדעט.

עס איז שוין 2 וואָכען נאָכ׳ן פּאָגראָם און נאָך יעצט געפינט מען אַלע טאָג הרוגים. די נויט איז גרויס. נאַקעטע, באָרוועסע, הונגעריגע, אויסגעבראָכענע הענט, פאַרוואונדעטע קעפּ... און קיין שטיקעל ברויט! דערצו פיהרט זיך נאָך יעצט אויך אַ פּאָגראָם־העצע, אַזוי אַז די רוסישע באַפעלקערונג וויל ניט פאַרקויפען די אידען קיין שפּייז פּראָדוקטען. די נויט איז גרויס, דער פּחד איז אומגעהייער. העלפט אונז, ברידער.

---

קאַפּאַי־גאָראָד־פּאָד. — אויגוסט 1919.

דינסטאַג, דעם 26טען תמוז, האָט זיך ביי אונז אָנגעהויבען דער פּאָגראָם. דער ערשטער קרבן איז געווען דער 70־יעהריגער וואווע האָראָדעצקי. נאָכדעם וואָס מ׳האָט איהם גע׳הרג׳עט, האָט מען אָנגעהויבען אויסטאָן מענשען אין מיטען גאַס און צונעמען אַלץ, וואָס עס איז געקומען צו די הענט. דאָס ראַבעווען האָט געדויערט דריי טעג. דערנאָך האָבען זיך אָנגע־הויבען די מערדערייען. פרייטאג בייטאָג האָבען די קאָזאַקען אין גאַס געשאָסען ליב דאַץ, און דערנאָך אויסגעליידיגט זיינע קעשענעס. אַ טייל פון די קאָזאַקען האָבען מיט אַ טרובעריי צונויפגערופען העכער הונדערט אידען יונג און אַלט, זיי אויס־געשטעלט און געשלאָגען מכת רצח, נאָכדעם אָפּגעטיילט די עלטערע און זיי אָפּגעלאָזט „פריי“. נאָך זיי האָבען זיך געלאָזט די צעווילדעטע קאָזאַקען און מיט די נאַגאַיקעס און פריקלאַדען שטאַרק געשלאָגען. די געבליבענע 45 יונגעלייט האָט מען אַרעסטירט און אכזריות׳דיג געשלאָגען מיט שאָמפּאָלען.

די צווייטע טייל קאָזאַקען האָט זיך געלאָזט אין שטאָדט אריין און אָנגעהויבען שחט׳ן, שיסען און שלאָגען די אידישע

באפעלקערונג. א גאנצען טאָג האָט זיך געהערט א קלאפּען פון צעבראָכענע פענסטער און מעבעל, אויסגעמישט מיט א שרעק־לאכען געשריי פון די געשלאָגענע און די געפיהרטע צו דער שחיטה... אין דעם פארשאָלטענעם טאָג זיינען אומגע־בראכט געוואָרען 17 אידען. נאָר דערמיט האָט זיך נאָך ניט געענדיגט. נאָך דעם וואָס די טייל איז ארויס, איז צו אונז אריין אַנאַנדער טייל, וועלכע האָט אינגאנצען צעראַבירט די אידישע באַפעלקערונג און די זאכען צונויפגע־וואָרפען אויף די וועגען פון אָבאָז, וואָס איז געשטאַנען אין שטאָדט. דעם טאָג האָט מען דער׳הרג׳עט א אינגעל, געשענדעט א פרוי און זי דערנאָך ערמאָרדעט.

דעם 10טען אוויגוסט זיינען די סאָלדאטען ארויסגעטראָטען פון שטאָדט. דער סך־הכל איז: 19 גע׳הרג׳עטע און פיעל פארוואונדעטע. דער שאָדען באטרעפט ביז 15 מיליאָן רובל. די נויט איז גרויס, די אָרעמקייט איז אומבאשרייבליך, מען שטארבט פון הונגער.

---

שארגאָראָד, פּאָד. — 19טען אווגוסט, 1919.

מיט ברויט און זאַלץ האָט די אידישע באפעלקערונג באַ־געגענט דאָס פעטליורישע פּאָלק און געווען זיכער, אז עס וועט זיין רוהיג. ווי אנטוישט איז אָבער געוואָרען די באַפעלקערונג, ווען די קאָזאקען האָבען זיך א לאָז געטאָן אין שטעדטעל אריין און זיך גענומען ראַבעווען, שלאָגען און שפּעטען איבער די אידען. פּראָוויאנט איז באלד צוגענומען געוואָרען אויף צעהנדליגער טויזענטער רובעל. עס זיינען ארעסטירט געוואָרען 22 אָנגע־זעהענע אידען אלס „זאָלאָזשניקעס”. א גאנצע נאכט האָט מען זיי געשלאָגען. איינער פון די ארעסטירטע איז פון די קלעפּ די נאכט געשטאָרבען. אן ארעסטירטע מיידעל האָט פארלאָרען דאָס לשון פון שרעק. די 22 אידען האָט מען אוועקגעשיקט קיין דזשורין, אין וועג זיי געשלאָגען מכת רצח און אין דזשורין האָט מען פון די 22 ארעסטירטע געשאָסען איין און צוואנציג, און נאָר איינעם, דעם

ה' סערעברינסקי האָט זיך איינגעגעבן אָפּקויפען זיך פאר 50 טויזענט רובעל.

ס'זיינען ארעסטירט געוואָרען נאָך 12 אידען מיט'ן רב בתוכם, און מ'האָט זיי ארויסגעלאָזט נאָר דאַן, ווען עס איז פאר יעדען אריינגעטראָגען געוואָרען צו צעהן טויזענט רובעל.

דאָס שטעדטעל האָט מען איננאנצען צעראבירט, אוועקגע־טראָגען דאָס אידישע האָב און גוטס אין מאָנאסטיר, וואו מען האָט זיך צוטיילט. די אידישע באפעלקערונג ווערט נאָך יעצט באַליידיגט און ערנידעריגט אויף יעדען טריט פון די דורכגע־הענדע באַנדעס. די נויט אין שטאָדט איז זעהר גרויס. די שטימונג איז שטארק געדריקט.

---

דזשורין, פּאָד. — סעפּטיאבר, 1919.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די אידישע באפעלקערונג האָט באַגעגענט דאָס אריינגעקומענע אוקראַינישע מיליטער מיט ברויט און זאַלץ, האָבען זיך די סאָלדאטען תיכף צושפּרייט איבער די שטיבער, וועלכע זיינען נאָך דאמאָלס געווען אָפען, און אָנגעהויבען ראַבעווען. עס האָט זיך באַלד געלאָזט הערען געוואלד־געשרייען איבער דער גאנצער שטאָדט.

דאָס האָט זיך איבערגע'חזר'ט פיער וואָכען כסדר. אין פילע הייזער האָט מען אויפגעריסען די פּאָלען, צעבראָכען די הרובע מיט די אויוועגס, צעריסען דאָס בעטגעוואַנט, גענומען אַלעס וואָס איז געווען מעגלאך און חרוב געמאַכט וואָס מען האָט מיט זיך ניט געקענט מיטנעמען.

ביים אוועקגעהן האָבען זיי ארעסטירט 12 אָנגעזעהענע בעלי־בתים מיט יונגע לייט, אין עלטער פון 17 ביז 85 יאָהר, וועלכע זיי האָבען אין דעם נאָהענטען דאָרף, חאמעלניק, דער־הרג'עט מיט שרעקלאכע מיתות משונות, ווייל זיי האָבען ניט געהאַט צו באַצאָהלען די געפאָדערטע פון יעדען פון זיי 20 טויזענט רובעל ניקאָלייעווער.

---

נאָך ערגער איז געווען די לאַגע אין די ארומיגע דערפער. דער טויט־שרעק, וועלכען די דאָרטיגע אידען האָבען איבער־געלעבט איז ניט צו באַשרייבען. זייער גאַנץ פארמעגען איז

פארטיילט געוואָרען צווישען די פויערים און זייערע הייזער צעוואָרפען און פארברענט. חוץ מזה זיינען אַ סך אידען אין די דערפער אָהן רחמנות דער'הרג'עט געוואָרען.

אין אַלגעמיין זיינען ביי אונז פאראן 12 הרוגים און אויף אַן ערך 10 מיליאָן שאָדען.

---

פּאָפּאָוועץ, פּאָד. — אווגוסט, 1919.

שוין 6 וואָכען, אַז דאָס שטעדטעל שלאָפט ניט איבער קיין רוהיגע נאַכט. כמעט אַלע טאָג קומען אריין קליינע מילי־טערישע טיילען, וואָס פאָדערען אַלעמאָל עפּעס אנדערס: ברויט, חזיר, געלט און — באָלשעוויקעס. צוריק מיט אַ פּאָר טעג זיינען אריינגעקומען סאָלדאטען מיט רויטע טראָלדען ביי די היטלען, האָבען אָנגעהויבען שלאָגען אידען און ראַבעווען זיי. איין איד האָבען זיי צוגעבונדען צו אַ פערד און געשלעפּט איבער די גאַסען און ערשט ווען מען האָט פאר איהם באַצאָהלט 6,000 רובעל, האָט מען איהם אָפּגעלאָזט. דעם רב האָבען זיי געצוואונגען פוצען זיי די שטיוועל און די פערד. מען האָט אויסגעטאָן אידען אין מיטען גאַס און די קליידונג צוגענומען. די גוים האָבען קיין אידען צו זיך ניט אריינגעלאָזט און די זאַכען וואָס אידען האָבען ביי זיי באַהאַלטען, האָבען זיי זיך צוגענומען. 4 אידען האָט מען ארויסגעפיהרט אונטער'ן שטאָדט און זיי גע'הרג'עט און ניט געלאָזט צונעמען, האָבען זיי זיך געוואַלגערט עטלאַכע טעג. די מיליטערישע באַנדעס מאַכען זיך לוסטיג איבער דער אידישער באַפעלקערונג — שלאָגען מיט שאמפאַלען, בינדען צו צו פערד און טרייבען אין גאַס, א. ד. ג.

---

סניטקאָוו. — אווגוסט, 1919.

אונזער שטעדטעל, וואָס ציילט סך הכל 200 אידישע פאַמיליעס, האָט געהאַט אַ פּאָגראָם מיט 6—7 קרבנות. אַלע, פארשטעהט זיך, אומשולדיגע. דאָס מיליטער האָט געשטעלט פאָדערונגען ווי 150 פּאָר וועש, 10 פוד ברויט, 15 פוד זאַלץ, 2 פוד טאַבאַק א. אַז. וו., וואָס מען האָט גאָר אין גאַנצען שטעדטעל ניט געקענט געפינען. ערשט צוריק מיט אַ וואָך האָט

מען אויפ'ן וועג סניטקאָוו־באר געפונען 4 דער'הרג'עטע אידען מיט אָפּגעהאַקטע קעפּ און צוהאַקטע אברים. דעם פינפטען האָט מען ניט דערקוילעט און ער מוטשעט זיך נאָך.

---

יארוגא, פּאָד. — אווגוסט, 1919.

אונזער שטעדטעל האָט איבערגעלעבט זעהר שרעקלאַכע טעג. אין ענדע חודש יולי, 1919, האָבען זיך אין שטעדטעל באַוויזען די פּעטליורישע אויסשפּיר־טיילען, איינער פון וועלכע האָט זיך באַלד א לאָז געטאָן לויפען נאָך אַן אלטען אידען מיט א ביקס און איהם דאָ אויפ'ן אָרט דערשאָסען. נאָך איהם האָבען זיך אַלע קאָזאַקען געלאָזט לויפען ווי ווילדע חיות מיט אָנגעשטעלטע ביקסען, בלויזע שווערדען און נאַהאַיקעס אין די הענט. באַלד האָבען זיי געפּאָדערט צו שטעלען זיי ברויט, וויין און געלט, גענומען אַלס זאַלאַזשניקעס פיעל מענשען. זייער פאָדערונג איז באַלד אויסגעפילט געוואָרען, דערנאָך ערשט האָבען זיך אָנגעהויבען די רציחות. די קאָזאַקען האָבען תיכף דער'הרג'עט א פאָטער מיט צוויי זיהן, צוויי אידען די מחות צושפּאָלטען. אינגאַנצען איז בשעת'ן פּאָגראָם דער'הרג'עט געוואָרען 7 אידען, 12 פארוואונדעט און פיעלע געשענדעט. ערשט נאָך דעם אַלעמען האָט מען גערופען דעם רב און געפאָדערט פון איהם, האַלטענדיג אַקעגען איהם א רעוואָלווער, אַז ער זאָל אויף מאָרגען צושטעלען א פּוליעמיאָט, 100 ביקסען, 100 פּאָר שטיוועל, 100 פּאָר וועש, 2 פּוד חזיר, 100 רובעל גאָלד און 25,000 רובל קאָנטריבוציע.

פאר די אידען האָבען פיעל גוטעס געטאָן דער היגער גלח מיט זיין זוהן. חוץ 25 שטיבער. איז דאָס גאַנצע שטעדטעל צוראַבירט געוואָרען.

די מאַטעריעלע לאַגע איז זעהר שווער, הילף איז נויטיג.

---

זעלבסטפארשטענדליך, אַז די אויבענגעבראַכטע באַריכטען פון די ערטער שפּיגלען בלויז אָפּ אין א זעהר קליינער מאָס

די גרויזאמע מערדערייען און געוואלד־טהאטען וואָס זיינען באגאנגען געוואָרען איבער דער אידישער באפעלקערונג פון פעטליורא׳ס אָטאָמאנען און קאָזאקען אין כמעט יעדער שטאָדט און שטעדטעל פון אוקראינא.

# דעניקין׳ס ממשלה אין אוקראינא.

די ממשלה פון די דעניקינצעס, וועלכע זיינען, כידוע, געקומען „רעטען און באפרייען״ רוסלאנד, האט אין אוקראינא איינגאנצען אנגעהאלטען בלויז איינינגע חדשים — פון מיטען 1919טען ביז אנהויב 1920טען יאהר. אבער דעם פיזישען, מאראלישען און מאטעריעלען חורבן, וואס די דאזיגע „רעטער״ רוסלאנד׳ס האבען אין דער פארהעלטניסמעסיג קורצער צייט פון זייער באלעבאטעווען דארטען אנגעמאכט, וועט דאס אוקראינער אידענטום אהן צווייפעל קיינמאל ניט פארגעסען און די בלוטיגע שפורען, וועלכע זיי האבען נאך זיך איבערגעלאזט, וועלען אויך קיינמאל, דאכט זיך, ניט פארשווינדען.

שוין ביי זייער ערשטען טריט אויפ׳ן אוקראינישען באדען איז די ערד פון דאס־ניי אנגעזאפט געווארען מיט פרישע טייכען אומשולדיג פארגאסען אידיש בלוט, וועלכעס האט פון דאס־ניי פארפלייצט דעם גאנצען אידישען ישוב פון אדעס ביז קאמענעץ־פאדאלסק.

ביים ערשטען בליק אויף די ווילדע צורות פון זייערע אוואנגארדען, וועלכע זיינען אלע געווען אנגעטאן אין גוטע טכוירענע טולופעס מיט קאראקולענע היטלען אויף די קעפ און תפילין און טלתים זעקלעך ביי די זאטלען, האט מען שוין געקענט לייכט פארשטעהן וואס מען קאן ערווארטען פון אזא מין „געקליידעטער״ ארמיי און ווי תמיד איז אויך דאס מאל דער אידישער שרעק ניט געווען גרונדלאז. שוין אין דער ערשטער נאכט פון זייער ארייננקומען אין וועלכען עס איז שטעדטעל, האבען זיך דארט אנגעהויבען אפשפילען די גוט־באוואוסטע האר־אויפשטעלענדע פאגראמסצענעס, וועלכע די זעלבע שטעדטלעך האבען ערשט ניט לאנג צוריק איבערגעלעבט מצד די פעטליורישע און היידאמאקישע באנדעס, נאר דאס מאל אין א פיל גרעסערען און גרויליכערען מאסשטאב ווי ווען עס איז פריהער. שוין פון תחילת נאכט האט די לופט אנגעהויבען אנגעפילט און פארהילכט צו ווערען פון א ווילדען שיסעריי, באגלייטעט מיט א קלינגען פון צעשמעטערטע פענסטער און איינגעבראכענע טירען. און באלד נאך דעם האבען זיך געלאזט

הערען פון אַלע זייטען, פון איין עק שטעדטעל אין צווייטען, אוממענשליכע פאַרצווייפעלטע געוואַלד־געשרייען פון די געמאָרדעטע, געשענדעטע און געפייניגטע אידישע קרבנות.

די דאָזיגע און ענליכע פּאָגראָם־בילדער האָבען זיך איבערגע'חזר'ט טאָג־טעגליך כמעט אין יעדער אידישער שטאָדט און שטעדטעל אין אוקראַינא, וואו די דעניקינצעס זיינען אריינגעקומען אָדער בלויז דורכגעגאַנגען. דאָס אידישע לעבען, וועלכעס האָט זיך שוין ווי עס איז געהאַט צוריק איינגעשטעלט נאָך די ערשט־ניט־לאַנג פאַרגעקומענע פעטליורישע פּאָגראָמען איז מיט אַמאָל ווידער אָפּגעשטאָרבען געוואָרען. די קראָמען זיינען ווידער געשטאַנען צעראַבירטע און צעבראָכענע. די מעהרסטע הייזער פאַרהאַקט און פאַרשלאָסען און קיין לעבעדיגען אידישען נפש האָט מען גאַנצע טעג ניט געזעהן אין גאַס. יעדער איינער איז געלעגען אין זיין באַהעלטעניש אין אנגסט און טויט־שרעק, ערוואַרטענדיג די אָנקומענדע נעכט. אַזוי האָט בייטאָג דאָס אידישע שטעדטעל אין יענע טעג פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ מורא'דיגען שטיקענדען טויטען בית־עולם און ביינאַכט איז דאָס פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ העלישען גהינום.

דאָס איז געווען ביי זייער אריינקומען.

פיל שרעקליכער און גרויזאַמער אָבער זיינען געווען זייערע בלוטיגע מעשים אין אוקראַינא, ווען אין אָנהויב 1920 האָבען די דעניקינצעס, אַ דאַנק דעם אָנגריף פון די באָלשעוויקעס, געמוזט פאַרלאָזען אוקראַינא. פיהלענדיג, אַז דאָס איז זייער לעצטער מאַרש אין אוקראַינא, אַזוי גוט ווי אין רוסלאַנד בכלל, האָבען זיי ווידער אויסגעלאָזט זייער גאַנצען האַס און כעס צום שטענדיגען שעיר לעזאזל — צו די אידען. דאָס מאָל האָבען אָבער זייערע אכזריות'דיגקייטען ניט נאָר איבערגעשטיגען אַלעס וואָס די אומגליקליכע אוקראַינער אידען האָבען ווען עס איז איבערגעלעבט בעפאָר אָדער דערנאָך פון די פאַרשידענע אַנדערע פּאַרטיזאַנישע באַנדעס, נאָר זיי האָבען איבערגעטראָפען זאָגאַר אַלעס וואָס די דעניקינצעס אַליין האָבען אָפּגעטאָן ביי זייער אריינקומען.

מיט אַ מין באַזונדער ווילדער סאַדיסטישער בעסטיאַליטעט האָבען זיך די דעניקינישע אַזיאַטען געוואָרפען אויף זייערע קרבנות,

ניט שאַנעוועדיג קיין זויג־קינדער און זקנים. וועלענדיג שפּאָרען די קוילען האָבען זיי זיך באַנוצט כמעט אויסשליסליך מיט קאַלט געוועהר, מיט וועלכע זיי האָבען אומגעבראַכט זייערע צאָהלאָזע קרבנות מיט די אכזריות'דיגסטע מיתות משונות און עִנויים קשים. עס איז איבערהויפּט פאַר זיי ניט געווען קיין באַהעלטעניש. זיי האָבען איבערגעקעהרט יעדעם ווינקעלע, אויפגעריסען יעדע ברעט, צוואָרפען יעדען קוימען און געפונען זייערע קרבנות, ווי אויך זייער צירונג און פאַרמעגען. און אום צו זיין זיכער, אַז קיין איד האָט זיך פון זייערע הענט ניט אויסגעדרעהט לעבעדיג, פלעגען די מערדער אָפט אויפ'ן צווייטען טאָג, ווי זיי האָבען פאַרלאָזט דאָס צעגראָמירטע און חרוב־געמאַכטע שטעדטעל, פּלוצים זיך געבען אַ יאָווע צוריק און דערשיסען און שטעכען די יעניגע, וועלכע האָבען געוואַגט אַרויסצוקריכען פון זייערע לעכער און זיך מתעסק געווען מיט דער קבורה פון די הרוגים. און די הרוגים האָבען זיך דאָן געוואַלגערט אין די גאַסען אַזוי לאַנג ביז די חזירים און הינט האָבען זיי טיילוויז צעפרעסען אָדער די אַרומיגע פּויערים האָבען „רחמנות" געקראָגען און אַליין געבראַכט די איבערגעבליבענע אברים צו קבורה. (קריוואָיע אָזערא, לוטשינעץ).

אום צו געבען וועלכען עס איז באַגריף פון דעם שוידערליכען כאַראַקטער פון די לעצטע דעניקינישע פּאָגראָמען אין אוקראַינע, סוף 1919 און אין אָנהויב 1920, וועל איך ברענגען אייניגע אויסצוגען פון די באַריכטען וועגען די פּאָגראָם־געשעהענישען, וועלכע זיינען געשריבען געוואָרען אויף די ערטער תיכף נאָך די פּאָגראָמען, ווען דאָס פאַרגאָסענע בלוט איז נאָך פאַקטיש ניט אויסגעטרוי־קענט געוואָרען און די הרוגים האָבען זיך נאָך געוואַלגערט אין די גאַסען און די חזירים האָבען זיי געפרעסען. די דאָזיגע בלוטיגע דאָקומענטען זיינען צוגעשטעלט געוואָרען אין מאָהילעוו־פּאָד. „ביולעטין" פון וואַנעט איך נעם די דאָזיגע אויסצוגען.

---

ק ר י ו ו אָ י ע אָ ז ע ר אָ, דאַטירט 24טען יאַנואַר, 1920.

העלפט אונז ברידער! אונזער אומגליק איז אַזוי שרעקליך, אַז אין דער היסטאָריע פון די ווילדע צייטען איז אַזוינס ניט געשעהן. די צאָהל פון די הרוגים איז נאָך ניט פעסטגעשטעלט.

עס זיינען דאָ פיל הונדערטער הרוגים און פיל הונדערטער פאַר־וואונדעטע און דאָס איבעריגע ביסעל מענשען, וואס האָבען דאָס רעכט זיך צו רופען „לעבעדיגע“, זיינען אויך העכער האלב־טויט פון שרעק פונ'ם ליגען צו 4־5 טעג באהאַלטען ביי די פויערים אין די שטאַלען, קעלערס און בוידעמער און ניט עסענדיג גאָר ניט. קיין רעגיסטראַציע פון דער גרויסער צאָהל הרוגים האָבען מיר נאָך ניט געקענט מאַכען, ווייל די הרוגים זיינען געלעגען אויף די גאַסען, אויף די בוידעמער, אין די קעלערס און אין די צעוואלעטע און פאַרברענטע הייזער צוויי־דריי וואכען נאָכאַנאַנד. מען האָט זיי ניט געקענט מקבר זיין, ווייל די רוצחים זיינען שטענדיג ארומגעלאָפען און געזוכט „זשידעס“ און איבער דעם האָבען די הינט אויפגעגעסען לערך הונדערט הרוגים, פון וועלכע עס איז געבליבען הוילע ביינער. דאָ זעהט מען א קאָפּ אָהן א קערפּער, דאָרט א קערפּער אָהן א קאָפּ, דאָ ליגט א פרוי האלב אויפגעגעסען פון די כלבים און נעבען איהר ליגט א קינד, וועלכעס די כלבים האָבען ארויסגעשלעפּט פון איהר בויך און פון דעם קינד איז אויך געבליבען נאָר דאָס קעפּעל און די פּיסלאך. דאָ זעהט מען א שטיק מאסע און מען דערקענט גאָר ניט, צי עס איז פון א מענשען. נעכטען האָט מען אָנגעהויבען צונויפזוכען די הרוגים און ביז היינט געפינט זיך שוין אויפ'ן בית־הקברות העכער צוויי הונדערט הרוגים.

מיר קענען שוין מעהר ניט שרייבען, הערענדיג ארום זיך די קולות פון די הונגעריגע, פון די אלמנות און יתומים און דאָס שרעקליכע קרעכצען פון די פאַרוואונדעטע.

העלפט אונז וואָס גיכער און שנעלער, ווייל עס איז נאָך דאָ וועמען צו העלפען...

---

מיאַסטקאָווקע (צעהלט א 400 אידישע משפּות) — פעברואר, 1920.

פרייטאָג, דעם 20טען פעברואר זיינען אין שטעדטעל אריין א 25 דעניקינישע סאָלדאטען, אוועקגעשטעלט אין מארק א „פּור־ליעמיאָט“ און אָנגעהויבען ראַבעווען, נאכדעם ווי זיי האָבען פריהער באשאָסען דאָס שטעדטעל מיט סנאַריאַדען, פון וועלכע

איין פרוי,ביילע מילשטיין, איז דער'הרג'עט געווארען און איין הויז איז פארברענט געווארען. לעבעדיגע אידען האָבען זיי גע־וואָרפען אין פייער, און פרויען און מיידלאך האָבען זיי געשלעפּט איבער די גאסען ביי די האָר און זיי דערנאָך געשענדעט. גאַנצע הייזער האָבען זיי מיט האָב און גוטס אונטערגעצונדען.

ווער ס'האָט געקענט אַנטלויפען איז ניצול געווארען. פון די איבערגעבליבענע אין שטעדטעל זיינען על־פּי־נס געבליבען לעבען נאָר 8 מענשען. די איבעריגע, אין צאָהל פון פיר און פערציג, זיינען אכזריות'דיג דער'הרג'עט געווארען מיט פארשי־דענע מיתות משונות. פיר זיינען לעבעדיג פארברענט געוואָ־רען. די גאַנצע ארבייט האָט געדויערט בלויז 5 שעה.

נאָך דעם ווי די מערדער זיינען אוועק, האָט מען פון קע־לער פון אברהם מילשטיינ'ס ברענענדיג הויז ארויסגעשלעפּט פיל האלב־דערשטיקטע מענער, פרויען און קינדער.

פיל פון די הרוגים זיינען געלעגען אין מיטען גאס, אויפ'ן פעלד און אין די הייזער. ווער אָהן פיס, אָהן א קאָפּ און אָהן אנדערע אברים. ערשט אין עטליכע טעג ארום, אז ס'האָבען זיך אומגעקעהרט די צעלאָפענע האָט מען די הרוגים מקבר געווען. דאָס גאַנצע שטעדטעל איז געבליבען רואינירט. די גאַנצע אי־דישע באַפעלקערונג איז נאַקעט, באָרוועס און הונגעריג. און א חוץ די הרוגים זיינען געבליבען אריבער 100 עלענדע יתומים און אלמנות און 65 פארברענטע הייזער.

---

לוטשינעץ (פארמאָגט 225 אידישע משפחות) — פעב־רואר, 1920.

מאָנטאָג, דעם 23טען פעברואר, איז אָנגעקומען צו אונז א דעניקינישע טייל וואָס האָט אָפּגעטרעטען און געפאָדערט פופציג טויזענט רובעל, 50 פוד צוקער און עסען פאר זייערע וועגען מיט די פערד.

די איבערגעשראָקענע אידישע באַפעלקערונג האָט ביז 2 בייטאָג דעם געפאָדערטען סכום צונויפגעזאַמעלט און די צוויי אידען — יעקב סאָבאָליער און יצחק קאליכמאַן, וועלכע האָבען דאָס געלד געבראַכט צום קאָמענדאנט, זיינען דורך דעם לעצטען דערשאָסען געווארען אויפ'ן אָרט און תיכף נאָך דעם האָט זיך

דער פּאָגראָם אָנגעהויבען. ווען איינע טיילען, וועלכע האָבען זיך אָנגעראַבעוועט זיינען אַרויס פון שטעדטעל, זיינען אָנגעקומען אַנדערע און פאַרענדיגט די אַרבייט פון די פריערדיגע גזלנים.

די רעזולטאַטען פון פּאָגראָם זיינען עטליכע און פופציג הרוגים, פיל פאַרוואונדעטע, 8 פאַרבערענטע הייזער, פון וועלכע מען האָט קיינעם ניט אַרויסגעלאָזט בשעת דער שרפה. די הרוגים ליגען אויפ'ן בית עולם און עס איז ניטאָ ווער עס זאָל זיי מקבר זיין. די גוים פון די אַרומיגע דערפער העלפען גראַבען קברים.

פיל פון די הרוגים האָט מען געפונען געהאַנגען אויף די בוידעמער. פיל קרבנות, וועלכע האָבען גערעכענט זיך ראַטע-ווען פון טויט אויפ'ן בית-הקברות האָט מען דאָרטען געפונען דער'הרג'עט.

די מעהרסטע הרוגים זיינען געווען דורך דער שווערד און קיין שאָס איז כמעט ניט פאָרגעקומען. דאָס גאַנצע שטעדטעל איז צוראַבירט און נויטיגט זיך אין גיכער הילף.

מאָהילעוו-פּאָד. נאָיאַבר 1919. (צעהלט 6000 משפחות).

דעם 11טען נאָיאַבר פריה איז אַריינגעקומען צו אונז אין שטאָט אַ דעניקינישע טייל מיט דעם סאָטניק בוטלעראָוו אַלס קאָ-מאַנדאַט בראש, וועלכע האָבען זיך צעשטעלט אין די אידישע איינפאָהר-הייזער אין צענטער שטאָדט. שוין אין דער זעלבער נאַכט זיינען אין פאַרשידענע טיילען פון שטאָדט פאָרגעקומען אָנ-פאַלען און רויבערייען פון די אַריינגעקומענע קאָזאַקען אין פילע אידישע הייזער און קלייטען.

די צווייטע נאַכט האָבען זיך איבערגע'חזר'ט די זעלבע געשע-הענישען נאָך מיט מעהר טעמפּ. דאָס איינציגע גליק איז נאָר גע-ווען וואָס די ווילדע מערדער האָבען זיך נאָר באַנוגענט מיט רוי-בען, שלאָגען און שענדען און קיין מענשליכע קרבנות זיינען נאָך דערווייל ניט געווען. כאַראַקטעריסטיש איז וואָס דער באַפעהל נישט צו רויבען איז צעקלעפּט געוואָרען ערשט אויפ'ן 3טען טאָג פאַרנאַכט.

די קומענדיגע צוויי־דריי טעג זיינען געווען א ביסעל רוהיגער — מען פלעגט בלויז אין מיטען העלען טאָג אויסטאָן פון די אידישע דורכגעהער פוטערס, שטיוועל, היטלען און ד. ג.

דעם 16 נאָיאבר האָט די קאָזאַקישע מאַכט געפאָדערט פון דער אידישער באפעלקערונג 250 קאָמפּלעקטען וועש מיט שטיוועל און 700,000 רובעל מזומן געלט, מיט דער ווארנונג פון דעם קאָמענדאַנט בוטלעראָוו, אז אויב די פאָדערונג וועט ניט ערפילט ווערען, גאַראַנטירט ער ניט פאר דער נאַכט..

און די נאַכט פון 16טען אויפ׳ן 17טען נאָיאבר האָט ווירקליך טאַקע איבערגעשטיגען מיט איהרע געוואלדטאטען די ערשטע צוויי פּאָגראָם־נעכט און די אַלע פריהערדיגע פּאָגראָמען וואָס מיר האָבען איבערגעלעבט פון פארשידענע מאַכטען.

די שרעקליכע געוואלד־געשרייען, אויסגעמישט מיט א ווילדער שיסעריי און דאָס קלינגען פון צעבראָכענע פענסטער און טירען האָבען זיך די גאַנצע נאַכט געלאָזט הערען פון איין עק שטאָדט ביז׳ן צווייטען.

די מיליציע, וועלכע איז די נאַכט ארויסגעשיקט געוואָרען אָפּהיטען די אָרדנונג, איז, ווי שטענדיג אין אַזעלכע פאלען, זיך צעלאָפען אַזוי גיך ווי עס האָבען זיך נאָר באוויזען קאַזאַקען. דאָס מאָל האָבען די רוצחים ניט באַנוגענט זיך בלויז מיט רויבען, שלאָגען און שענדען, נאָר אויך מיט הריגות.

דער טרויעריגער סך־הכל פון דעם מאָהילעווער פּאָגראָם איז: 3 גע׳הרג׳עטע, 3 פּלוצים געשטאָרבענע פאר שרעק, צעהנדליגער שווער פארוואונדעטע, א גרויסע צאָהל געשענדעטע פרויען, חוץ דעם פיל־מיליאָנענדיגען פארמעגען פון א העכער העלפט אידישער באפעלקערונג וואָס איז צוראַבירט געוואָרען, וועלכעס האָט רואינירט דאָס לעבען פון הונדערטער אידישע פאמיליעס און איבערגעלאָזט זעהר שרעקליכע רעזולטאטען...

---

יאמפּאָל, פּאָד. — 8טען מארט, 1920.

ברידער! מסתמא האָט איהר געהערט, וואָס עס האָט ביי אונז געשעהן. דער אומגליק איז אַזוי גרויס און אומגעהויער

שרעקקאך, אז די שטאַרקסטע ווערטער פון קיין שפּראַך זיינען ניט אימשטאַנד אָפּצומאָלען די שווידערהאַפטע בילד.

די האָר שטעלען זיך קאַפּויר און טרערען וואַרגען, ווען מען וויל זיך פאַרשטעלען דעם גרויסען און שרעקליכען אומגליק. יאַמ־פּאָל האָט שוין גענוג געליטען און זאַגאַר איבער־גענוג, נאָר אַזעל־כעס האָט זיך נאָך מיט אונז ניט געטראָפען. מיר געהען אַרום דער׳הרג׳עט און דערשלאָגען און ווייסען ניט וואָס מען טוט און וואָס מען הויבט אָן צו טאָן... צי העלפען זיך אַליין, צי העלפען יענעם, צי אַריינוואַרפען זיך אַלע אין וואַסער אַריין! — נישטאָ וואָס צו עסען, נישטאָ אין וואָס זיך איינצוהילען, נישטאָ אויף וואָס דעם קאָפּ אַנידערצולייגען און נישטאָ ביי קיינעם אַ גראָשען...

ברידער רחמנים! האָט מיטלייד אויף דעם אָרימען יאַמפּאָל און העלפט אונז מיט וואָס איהר קענט. מיר זיינען אַזוי אומ־גליקליך אז מיר אַליין קענען זיך ניט העלפען, וואָרים דריי פערטעל איינוואוינער נויטיגען זיך אין הילף.

אונזערע הערצער זיינען פאַרשטיינערט, די צורות פון די הרוגים שוועבען אונז נאָך פאַר די אויגען, די יתומים און אלמנות ברעכען נאָך די הענט און וויינען מיט בלוטיגע טרערען, די פיל פאַרוואונדעטע ליגען נאָך צו בעט, און ווער ווייסט צי וועלען זיי אַלע זיך אויפהויבען. און אַלעם וויינט און שרייט: „אַ שטיקעל ברויט, אַ שטיקעל מלבוש, אַ קישעלע אונטער׳ן קאָפּ!“ און מיר, די איבערגעבליבענע, צעבראָכענע און צעשלאָגענע, קענען זיי מעהר ווי מיט טרעהרען גאַרניט העלפען.

ברידער! יאַמפּאָל געהט אויס פאַר הונגער, יאַמפּאָל פרירט אויס פון קעלט! האָט רחמנות און לאָזט ניט אונטערגעהן קיין אידישע שטאָדט.

וואָס איהר וועט שיקען וועט צוניץ קומען: ברויט, מלבושים, זאַלץ, שוועבעלעך, געלט, און שוה כסף, ווייל די נויט איז גרויס...

---

מור־קירילאָוויץ — פּאָד. (צעהלט 300 משפחות). 19טען דעקאַבר, 1919.

דינסטאָג 19טען נאָיאבר פאַרנאַכט איז אָנגעקומען אין שטעד־טעל אַ „ראַזוועדקא“ פון דעניקינצעס און האָט געפאָדערט 100.000

רובעל קאָנטריבוציע פאַר דער אַרמיי, אויך האָבען זיי געוואָלט נעהמען „זאַלאָזשניקעס” פון די אידען. נאָך דעם ווי עס איז צונויפגעזאַמעלט געוואָרען פאַר זיי 66000 רובעל, אויך פיל פו־ראַזש פאַר די פערד און מען האָט געמאַכט פון זייערטוועגען אַן אָוענט־ברויט, וואָס האָט אויך געקאָסט ביז 3000 רובעל, זיינען די געסט אַוועק פון שטעדטעל.

מיטוואָך פאַרנאַכט זיינען ווידער אַריינגעקומען דעניקינצעס און גלייך אָנגעהויבען ראַבירען. מען האָט געוואָרפען אויוועגס, געריסען סאָפידן און פאָלען און געזוכט באַהאַלטענע גוטס.

פיל פרויען זיינען געשענדעט געוואָרען, די וואָס האָבען זיך געוועהרט האָט מען ביטער געשלאָגען. איין 15־יעהריג מיידעל, אַ שילערין פון העכערער אָנפאַנגס־שולע, סימה שטולבערג, איז דער־שאָסען געוואָרען ניט־לאָזענדיג זיך שענדען.

בשעת'ן פאָגראָם האָבען אייניגע זיך געפּרואווט קלאָגען צום פּאָלקאָווניק, נאָר קומענדיג צו זיין שטוב האָט זיי דער קאַראַאול אָפּגעשטעלט, אויסגעטאָן זייערע מלבושים, זיי צוגענומען, גוט אָנ־געשלאָגען און נישט אַריינגעלאָזט אין שטוב.

די רעזולטאַטען פון פאָגראָם זיינען שרעקליכע. עס איז צו־גראַמירט בוכשטעבליך דאָס גאַנצע שטעדטעל. די שאָדענס זיינען מיליאָנענדיגע...

עס איז נויטיג באַלדיגע הילף מיט שיך, וואַרימע מלבושים און געלט.

---

יאַרוגע, פּאָד. — (צעהלט 250 אידישע משפחות). מאַרט 1920.

מיט בלוטיגע טרערען שרייבען מיר אייך אונזער בריף, וועל־כער איז דורכגעזאַפּט מיט ווייטאָג פון אונזער שרעקליכען אומ־גליק.

אונזער שטעדטעל האָט דאָס מאָל שטאַרק געליטען פון די ווילדע חיות־דעניקינצעס, וועלכע האָבען זיך קאָמפּאַניעסווייז אַריינגעלאָזט אין שטעדטעל און עס איינגאַנצען צוראַבירט. דאָס וואָס איינע האָבען איבערגעלאָזט — האָבען די צווייטע פאַרנומען. עס איז ניט געבליבען קיין איין שטוב, וואו זיי האָבען ניט געראַ־

בעוועט. אַפילו די קאָלדרעס מיט די קישענס האָט מען צוגענו־מען. און אַ סך בעטגעוואַנט וואָס זיי האָבען שוין ניט געקענט מיטנעהמען, האָבען זיי צוריסען אין שטיקער.

נאָר דאָס רויבען פאַרלירט די גאַנצע שטאַרקייט אין פאַרגלייך מיט די מערדערישע רציחות וואָס זיינען ביי אונז פאָרגעקומען. די מיתות זיינען געווען שרעקליכע. איינינע קרבנות זיינען פאַר־ברענט געוואָרען לעבעדיגערהייט — רחל וואָלאשין און אַלטער גרינבאַרג. אַנדערע קרבנות האָט מען צוהאַקט מיט ריסקלען און העק — יעקב וואָלאשין, יקותיאל דאָרכאָווסקי. דורך אַזעלכע ענויים קשים זיינען ביי אונז אומגעקומען 8 קרבנות און נאָך צוויי זיינען געשטאָרבען אויפ׳ן צווייטען טאָג פון זייערע וואונדען. פאַרוואונדעטע זיינען דאָ אַריבער 40 מענשען. פילע זיינען קראַנק פון שרעק.

העלפט ברידער מיט וואָס איהר קענט!

---

ד ז ו ר י ן. — (פאַרמאָגט אַ 400 אידישע משפחות). אדר תר״פ.

שבת דעם 20טען פעברואַר, ווען דאָס רוב אידען זיינען גע־ווען אין די שוהלען, האָט זיך פּלוצים באַוויזען אין שטעדטעל אַ קאַוואַלעריסטישער אָטריאַד פון דער אָפּטרעטענדער דעניקינישער אַרמיי. דאָס אָנקומען פון די „געסט” איז געוואָרען באַלד באַגלייט מיט קלאַפּען טירען און פענסטער, רויבערייען, רציחות און שרפות, וועלכע האָבען געדויערט אַ גאַנצען טאָג און אַ גאַנצע נאַכט. די סאָלדאַטען זיינען אַרומגעלאָפען איבער׳ן שטעדטעל, אַריינגערי־סען זיך אין די פאַרהאַקטע הייזער, צונויפגעוואָרפען דאָס בעטגע־וואַנט מיט אַלע זאַכען, אָפּגעגאָסען מיט קעראָסין און אָנגעצונ־דען. אַזוי האָבען זיי פאַרברענט דאָס גאַנצע בעלהבית׳ישקייט אין אַ 50 הייזער. גע׳הרג׳עט זיינען געוואָרען דעם טאָג 20 מענ־שען און צוויי זיינען געשטאָרבען אויפ׳ן צווייטען טאָג פון זייערע שווערע וואונדען. צווישען זיי אַ קינד פ ו ן א י אָ ה ר, ווען די רוצחים האָבען מיט׳ן שאַרף פון אַ שווערד אָפּגעהאַקט דעם שאַרבען. דאָס רוב פון זיי זיינען גע׳הרג׳עט געוואָרען מיט שווער־דען אין קאָפּ. פאַרוואונדעט איז לערך האַלב פון דער באַפעלקע־

רונג. אויך זיי, ווי די הרוגים, זיינען פאַרוואונדעט אין קאָפּ. געשענדעט זיינען לערך 60 פּראָצענט פון די פרויען...

אַלע הייזער, געשעפטען און געזעלשאַפטליכע אַנשטאַלטען זיינען חרוב געוואָרען. די פּאַרשמאַכטע, פאַראָרעמטע און אַר־ ביייטסלאָזע אידען, וואָס דרעהען זיך אַרום אין שטעדטעל שטעלען מיט זיך פאָר אַ בית־עולם פון „לעבעדיגע" מתים...

———

אידענטיש מיט די דאָזיגע ניט געקינסטעלטע, אָבער שוידער־ ליכע שילדערונגען, זיינען אויך אַלע אַנדערע באַריכטען וועגען די לעצטע דעניקינישע פּאָגראָמען אין כמעט יעדער שטאָדט און שטעדטעל פון אוקראַינע, וועלכע זיינען אָנגעקומען אין מאָהילעוור פּאָדאָליער ראַיאָן קאָמיטעט.

אָט אַזוי האָבען זיך דאָס די דעניקינצעס נוקם געווען אין די אוקראַינער אידען פאַר זייער גרעסטער און לעצטער מפּלה, וואָס זיי האָבען געליטען מצד די באָלשעוויקעס.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פּאָגראָם־טעטיגקייט פון די דעני־ קינצעס איז פאָלגענדער פאַל: אין דזורין האָט דער דאָרטיגער קריסטליכער לעהרער — פיאָטר גערולים צוזאַמען מיט דעם גלח און בוכהאַלטער פון צוקער־זאַוואָד, וועלכע האָבען שוין ניט גע־ קענט מעהר צוזעהן די מערדערייען און רציחות, זיך געווענדעט צום נאַטשאַלניק, אַפּעלירענדיג צו זיין געוויסען, מיט אַ ביטע אָפּ־ צושטעלען דעם פּאָגראָם. האָט זיי דער לעצטער געענטפערט מיט אַ שמייכעל: „ניע סמוסטשאַיטעס, גאָספּאָדאַ, נאַש דעוויז: בעי זשידאָוו"! (ערגערט זיך ניט, מיינע הערען, אונזער דעוויז איז — שלאָג די אידען!")

און מען מוז צוגעבען, אַז דעם דאָזיגען דעוויז זייערען האָבען זיי אויסגעפיהרט מיט דער גרעסטער התמדה און פּינקטליכקייט.

דאַרום דאַרף קיין וואונדער ניט זיין, וואָס די פרייד פון די אוקראַינער אידען איז געווען אַזוי גרויס, ווען די דעניקינ־ צעס זיינען ענדליך אינגאַנצען פאַרטריבען געוואָרען פון די באָל־ שעוויקעס.

# זעלבסט־שוץ.

(א פּאָגראָם עפּיזאָד)

דאָס איז געווען אין שטעדטעל יאַרוגע, פּאָד. גוב., אָנהויב זומער 1919. די באָלשעוויקעס האָבען שוין זייט עטליכע טעג געהאַלטען אין אָפּטרעטען פון די ארומיגע גרעסערע פּונקטען, ווי מאָהילעוו, יאַמפּאָל, און אנדערע, וואו זיי האָבען זיך ביז איצט געפונען און אויף זייער אָרט האָבען זיך דערנעהנטערט די פּעטליורישע „פּאָווסטאַנצעס". די לעצטע זיינען גרעסטענטיילס באַשטאַנען פון אָפּגעריסענע און דעמאָראַליזירטע יונגע פּויערים, וועלכע, אונטער דער מאַסקע פון באַפרייען דאָס „רידני" אוקראינא פון'ם באָלשעוויסטישען יאָך, זיינען אין אמת'ן מעהר ניט אויסען געווען ווי מאָרדען, שענדען און רויבען די שוצלאָזע אידישע באַפעלקערונג און פלעגען דארום געהן זעהר לאַנגזאַם און פאָרזיכטיג, מורא האָבענדיג זיך ניט צו טרעפען ערגעץ וואו פּנים אל פּנים מיט די באָלשעוויקעס. ערשט נאָך דעם ווי זיי האָבען זיך גוט איבערצייגט, אז די באָלשעוויקעס זיינען שוין אין א געוויסען אָרט זייט עטליכע טעג ניטאָ און אז די שטאָדט איז אין גאַנצען הפקר, פלעגען זיי אַהין ארייננמארשירען מיט זייער ווילדען געזאַנג און געפּילדער.

און אזוי האָט עס געטראָפען, וואס ניט קוקענדיג דארויף, וואס די פּעטליוראָווצעס האָבען זיך שוין פון א צייט געפונען בלויז עטליכע ווערסט פון דאַנעט, איז אָבער דאָס שטעדטעל י. כמעט גאַנצע צוויי וואָכען געווען אָהן א שום מאַכט. די דאָזיגע „מאַכטלאָזע" טעג האָבען זיך פאר די י.'ער אידען געצויגען ווי אן ענדלאָזע אייביגקייט פול מיט מורא'דיגע און שרעקליכע ערוואַרטונגען, ווייל ווי אזוי די פּעטליורישע באַנדעס באַנעמען זיך מיט די אידען, האָט מען אָפּגענומען גרוסען פון די ארומיגע שטעדט און שטעדטלאך, וועלכע האָבען שוין געהאַט די „זכיה" זיי מקבל פּנים צו זיין...

מיט א מאָל זיינען די קלייטען אָפּגעשלאָסען געוואָרען, די

געשעפטען אָפּגעשטעלט און די טירען און לאָדען פאַרהאַקט. עס האָט קיינעם מעהר גאָר ניט געפעהלט און קיינער האָט מעהר גאָר ניט באַדאַרפט. א גאַנצען טאָג האָבען זיך די מענער, ווי לעבעדיגע שאָטענס, ארומגעדרעהט דערשלאָגענע און פאַר מרה־שחורהטע, זיך אַלע מאָל אָפּגעשטעלט דאָ ביי דעם, דאָ ביי יענעם רעדעל, נערוועז איינהערענדיג זיך וואָס זאָגט מען עפּעס, ווען קומען זיי, ווי אזוי זאָל מען זיי אויפנעמען און אַלע ווײַלע, אזוי שנעל ווי מען האָט נאָר דערהערט פון ווייטען אָנקומען א פוהר אדער א פערד, איז מען זיך מיט שרעק צולאָפען אין אַלע זייטען. די פרויען ווידער האָבען זיך געאיילט מיט בינטלאך אונטער די שאַלען — דאָס האָבען זיי געזוכט צו באַהאַלטען ערגעץ זייער ביסעל בעל־הבית'ישקייט...

אין אַזאַ מין אָנגעשטרענגטער און געשפּאַנטער אטמאָספערע האָבען די י.'ער אידען איבערגעלעבט, ווי שוין געזאָגט, גאַנצע צוויי לאַנגע זומער־וואָכען, אַלע מינוט ערווארטענדיג די גרויזאַמע געסט. ביז אין אַ שעהנעם העלען טאָג האָט זיך מיט דער שנעלקייט פון א בליץ צוטראָגען איבער'ן גאַנצען שטעדטעל די שרעקליכע בשורה, אז מ'זעהט „זיי" שוין פון ווייטען אָנקומען... אין א מינוט איז דאָס גאַנצע שטעדטעל אָפּגעשטאָרבען, פאַרוואַנדעלט געווארען אין א בית עולם און קיין לעבעדיגען נפש איז ניט געוועזן צו זעהן אין גאַס.

בלויז אין הינטער געסעל, לעבען דער שוהל, האָט זיך נאָך גערודערט. דאָס האָבען זיך פאַרזאַמעלט עטליכע יונגע לייט, ביי וועמען עס האָט זיך געפונען געוועהר און גע'טענה'עט, אז אין פאַל די פּעטליוראָווצעס, נאָכדעם ווי מען וועט באַפרידיגען אַלע זייערע פרידליכע פאָדערונגען, ווי געלט, עסען, וועש, שטיוועל און ד. ג., וועלען דאָך צוטרעטען צו אַ פּאָגראָם, זאָל מען זיך זיי שטעלען אנטקעגען. קיין געניוען פּלאַן אָבער פון זעלבסט־שוץ האָט מען ניט באַוויזען אויסצוארבייטען, ווייל די פּלוצימדיגע בשורה, אז „זיי" קומען שוין, האָט אויך אויף די דאָזיגע יונגע לייט תחילת אָנגעווארפען אַ פּאַניק און יעדער איז שנעל אַוועק צו זיך אהיים.

גאָר אין גיכען האָבען זיך אין שטעדטעל אריין א לאָז געטאָן

מיט א ווילדען גאַלאָפּ און סווישטשעריי עטליכע רייטער מיט די גוט־באוואוסטע טשאַפּרינקעלעך „סעלעדצעס״, מיט די משונה ברייטע קאָלירטע הויזען און לאַנגע רויטע עקען ביי די היטלען, וועלכע פלעגען אזוי שטארק ווירקען אויף דער פסיכיק פון די אוקראַינער אידען און מיט געשרייען: „זשידי, ווארט, מיר וועלען אייך אלעמען באלד אויסקוילענען!״ האָבען זיי זיך אפּגעשטעלט ביי א אידישען שענק אין עק שטעדטעל, זיך געהייסען ארויס־געבען אין מיטען גאס א פעסעל וויין מיט צובייסען, האָבען איינ־געלאדען צו זיך די פּאָר מיליציאָנערען און זיך געלאָזט וואויל געהן. און נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך גוט אָנגע'שיכור'ט, האָבען זיי זיך א לאָז געטאָן איבער די דערבייאיגע הייזער רויבען און שלאָגען אידען.

באלד האָט זיך פון די דאָזיגע הייזער אויפגעהויבען א שרעק־ליכע יללה מיט מורא'דיגע געוואלד־געשרייען, וועלכע האָבען זיך צוטראָגען איבער'ן גאנצען שטעדטעל און פון וועלכע די האָר האָבען זיך ביי יעדען געשטעלט קאפּויר. יעדער איינער, ליגענדיג אין זיין באהעלטעניש, איז געווען זיכער, אז דאָס האָט זיך שוין די שחיטה אָנגעפאנגען, און באלד, באלד קומט מען צו איהם... וואָס מען האָט איבערלעבעט אין די דאָזיגע שוידערליכע מינוטען איז זיך לייכטער פאָרצושטעלען ווי באשרייבען.

אָבער פּלוצים... פּלוצים האָט זיך אָנגעהויבען צו דאכטען, אז פון צווייטען עק שטעדטעל, וואס איז נאָך געווען פריי פון די באנדיטען, הערט זיך עפּעס ווי הורא־געשרייען און דאָס לויפען פון מענשען. און מיט א נייעגריגקייט, אין וועלכער עס איז געווען פארבאָרגען א האָפנונג אויף עפּעס א נס, האָט מען מיט גרויס פּחד שטיל און פּאמעלאך אָפּגעשפּארט אביסעל די פארהאקטע טירען און ארויסקוקענדיג דורך די שפּארינעס, האָט מען פּלוצים דערזעהן א קליינע מחנה יונגע לייט מיט און אָהן געוועהר, לויפענ־דיג מיט דער גאס אין דער זייט צו, וואו די רויבערייען און שחיטות (ווי מען האָט געמיינט) קומען פאָר.

מיט אמאָל איז ביי אלעמען פארשוואונדען געווארען יעדער שרעק. טירען האָבען זיך אלע ווײלע אויפגעפּראלט און תיכף צוריק זיך צוגעמאכט און צו דער קליינער מחנה יונגע לייט

האָבען שוין אָנגעהויבען צוקומען אויך עלטערע אידען, ווער מיט א שטיק האָלץ, ווער מיט א שטיק אייזען און ווער גלאַט מיט א שטעקען און אלע אין איינעם מיט די זעלבע הורא־געשרייען האָבען זיך געלאָזט ווייטער לויפען אנטקעגען די פעטליוראָווצעס.

די לעצטע, קומענדיג צו זיך פון דער דאָזיגער אומערוואר־טעטער באגעגעניש (ווי עס שיינט, איז זיי ביז איצט נאָך ניט געהאט אויסגעקומען צו באגעגענען ערגעץ א ווידערשטאַנד פון די „זשידעס” בעת זיי פלעגען זיי רויבען און מאָרדען), האָבען זיך שנעל ארויפגעכאַפּט אויף די פערד און מיט די ביקסען און בלויזע שווערדען אין די הענט זיך א לאָז געטאָן מיט א ווילדען גאַלאָפּ גלייך אויף דער אנטקעגענקומענדער מחנה אידען, שריי־ענדיג פון דער ווייטענס: „זשידי פּאָכאַטאַם! — אין די שטיבער אריין, ווייל מיר וועלען אייך צעשיסען ווי די הינט!”

מיט יעדער רגע זיינען די דאָזיגע גוט־באוואָפענטע, בלוט־דורשטיגע באנדיטען געקומען אלץ נעהענטער און נעהענטער צו דער ניט אָפּטרעטענדער און אלץ־שרייענדער אידישער מחנה און עס איז געווען זיכער, אז באלד, באלד און די ערשטע רייהע אידען וועלען פאלען די ערשטע קרבנות. און די מיט בלוט פארגאָסענע אויגען פון די פעטליוראָווצעס, וועלכע מיר האָבען שוין גאנץ קלאָר געקענט זעהן, — אזוי נאָהענט זיינען זיי שוין געווען פון אונז, — האָבען אונז אזוי ממש פארהיפּנאָטיזירט, אז מיר האָבען גאר פארגעסען, אז מיר האָבען מיט זיך געוועהר און מ'דארף עפּעס אָנהויבען טאָן דערמיט, אלא ניט, איז אונזער לעבען אין געפאהר. עס האָט נאָך געפעהלט בלויז איין מאָמענט, אז די אויסגע־שטרעקטע בלויזע שווערדען פון די רוצחים זאָלען זיך געווען אריינשטעכען אין די ברוסטען פון די ערשטע אידען, ווען פלוצים האָט זיך פון דער אידישער זייט דערהערט א שאָס און נאָך איהם האָט שוין יעדער פון אונז, ווער עס האָט געהאט מיט זיך געוועהר, אָנגעהויבען שיסען (אינסטינקטיוו האָבען אלע געשאָסען אין דער לופט, ניט וועלענדיג טויטען עמיצען פון די פעטליוראָווצעס, כדי זייערע חברים זאָלען זיך ניט דערנאָך נאָך מעהר נוקם זיין אין שטעדטעל). דאָס דאָזיגע פלוצימדיגע שיסען האָט אזוי צעמישט און צעטומעלט די באנדיטען, אז זיי האָבען געשווינד געגעבען א

דרעת אויס די פערד און אוועק אין פעלד אריין, שיסענדיג ארונ־טער אויף די אידען, וועלכע האָבען זיי נאָכגעיאָגט ביז הערט נאָכ'ן שטעדטעל. אין דער דאָזיגער שלאַכט האָט קיין אידען ניט געשאַדט, נאָר איין פעטליוראָוועץ האָט מען יאָ אראָפּגעוואָרפען פון פערד, איהם גוט אנגעראָכען די ביינער און אָפּגעלאָזט אָהן דעם פערד.

צוויי טעג נאָכדעם איז די גאַנצע „מאַכט" געווען אין די הענט פון די באַוואָפענטע אידישע יונגע לייט, וועלכע פלעגען טאָג און נאַכט ארומפאָהרען אויף פערד און באוואַכען דאָס שטעדטעל. אויפ'ן דריטען טאָג אָבער האָבען איבער'ן שטעדטעל אָנגעהויבען פאַלען קוילען פון שווערע האַרמאַטען און זיך אָנגעהויבען הערען דאָס אָפטע קנאַקען פון קוילען־וואַרפער (פולעמיאָטען). דאָס האָט זיך די זעלבע באַנדע מיט נאָך א פּאָר הונדערט פון זייערע חברים צוריק אומגעקערט, אום צו נעמען נקמה פון דעם „באָלשע־וויסטישען" שטעדטעל.

ווידער אמאָל איז דאָס שטעדטעל אפּגעשטאָרבען געוואָרען פאַר שרעק. ווידער אמאָל איז אַלעס פּאַרהאַקט געוואָרען אויפ'ן שלאָס און די איינציגע וועמען מען האָט געקענט זעהן זיך ארומ־דרעהען אין גאַס אין די דאָזיגע שרעקליכע מאָמענטען, זיינען געווען פאַרדעכטיגע פּויערים און פּויערטעס מיט זייערע קינדער, וועלכע האָבען געטראָגען זעקלאַך אונטער די אָרעמס: געהייסען האָט עס, אז זיי זיינען כלומרשט געקומען אין שטעדטעל עפּעס איינקויפען...

פון שטעלען זיך אנטקעגען האָט שוין איצט קיינער ניט געטראַכט און עס האָט אויך קיין זין ניט געהאַט. און אזוי שנעל ווי די דאָזיגע צאָהלרייכע באַנדע איז אריין אין שטעדטעל האָט זיך אָנגעפאַנגען אן אמת'ער פּאָראָם מיט אַלע בלוטיגע אטריבוטען, וועלכער האָט אומגעשטערט אָנגעהאַלטען א גאַנצע וואָך צייט און האָט אָפּגעקאָסט עטליכע מענשליכע קרבנות, א פּאָר צעהנדליג

שוועד־פארוואונדעטע, אַ צאָהל געשענדעטע און דאָס גאַנצע שטעדטעל צעראַבירט.

„איהר וועט שוין איצט וויסען, זשידאָווסקי קאָמוניסטי, ווי זיך צו שטעלען אנטקעגען אונזערע חברים!" — האָבען די רוצחים ניט אויפגעהערט צו שימפען...

# די הילפס־ארבייט פון „דזשאָינט“ אין אוקראַינאַ.

(פּערזענליכע ערפאהרונגען)

ניט קוקענדיג דאַרויף וואָס דאָס אוקראַינישע אידענטום האָט אין די לעצטע פאָר יאָהר איבערגעלעבט און לעבט נאָך איצט איבער פיל מעהר און שרעקליכערעס, ווי דאָס אידענטום פון וועלכער עס איז אַנדער וועלט־טייל, האָט זיך אָבער די הילפס־ארבייט פון „דזשאָינט“, א דאַנק דער פּאָליטישער לאַגע פון אוקראַינא, דאָרט אָנגעהויבען אמשפּעטסטען און איז ביז היינטיגען טאָג געגעבען געוואָרען אמווייניגסטענס. דאָס ביסעל אָבער, וואָס דער „דזשאָינט“ האָט, אַלס אַן התחלה, שוין באַוויזען אויפצוטאָן דאָרטען איז גענוג וויכטיג אַז עס זאָל זיך לוינען דאַרויף אביסעל לענגער זיך אָפּצושטעלען.

די נויט און עלענד נאָך די ערשטע פּעטליורישע פּאָגראָמען, וועלכע האָבען זיך ווי א בייזער שטורם אַזוי אומגערעכט דורכגעטראָגען איבער'ן אידישען ישוב אין אוקראַינא, אין מיטען פון 1919, אָפּווישענדיג די גרעסטע טייל אידישע שטעדט און שטעטלאך, צונעמענדיג טויזענטער און טויזענטער אומשולדיגע קרבנות און איבערלאָזענדיג צעהנדליגע טויזענטער פאַרוואונדעטע, געשענדעטע, יתומים און אלמנות, איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט זאָגאַר גערירט דאָס הארץ פון דער אוקראַינישער רעגירונג, וועלכע איז, ווי באַוואוסט, אַליין געווען אין א גרויסער מאָס פאַראַנטוואָרטליך פאר די בלוטיגע פּאָגראָמען און זי האָט אסיגנירט צעהן מיליאָן רובעל פאר דער ערשטער הילף פאר די פּאָגראָם־געליטענע אידען.

וואָס פאר א ווערט 10 מיליאָן רובעל פאר גאַנץ אוקראַינא האָט געהאַט, קאָן מען זיך פּאָרשטעלען דערפון, וואָס אין מאַנכע קליינע שטעטלאך האָט דער מאַטעריעלער שאָדען בעת די פּאָגראָמען, ניט רעכענענדיג די מענשליכע קרבנות, באַטראָפען אָפטמאָל מעהר פון דער דאָזיגער סומע. זייענדיג אָבער אָפּגעריסען און אָפּגעשניטען פון דער גאַנצער איבעריגער

אידישער וועלט, זאָגאַר פון בעסאַראַביע, מיט וועלכער אוקראַינע גרעניצט זיך, איז דאָס געווען די ערשטע און איינציגע הילף, וואָס די פּאָגראָמירטע אידישע באַפעלקערונג האָט באַקומען. און נעמענדיג אין אַמבאַטראַכט די אומבאַשרייבליכע נויט, וועלכע האָט געהערשט צווישען די געליטענע, האָבען די פאַר־שידענע הילפס־קאָמיטעטען, וואָס האָבען זיך געגרינדעט תיכּף נאָך די פּאָגראָמען, קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט ווי אָנצונעמען דאָס דאָזיגע בלוטיגע געלד, ווי פילע האָבען דאָס מיט רעכט גערופען און צוטרעטען צו דער ערשטער הילפס־אַרבייט. עס פאַרשטעהט זיך אָבער, אַז מיט אַזאַ לעכערליכער נישטיגער סומע ווי די, וועלכע די אוקראַאינער רעגירונג האָט געפונען פאַר נויטיג צו אַסיגנירען, האָט מען קיין סך ניט געקענט אויפטאָן, און נאָך אַ פּאָר חדשים אַרבייט האָבען זיך אַלע הילפס־קאָמיטעטען צוליב מאַנגעל אין געלד געמוזט שליסען.

אַ נייע עפּאָכע אין דער אַרבייט פון די אוקראַאינער הילפס־קאָמיטעטען הויבט זיך אָן ערשט פון אָנפאַנג 1920, ווען די דעלעגאַטען פון „דזשאָינט“, מיט פּראָפ. פרידלענדער בראש, איז ענדליך געלונגען אַריינצודרינגען אויפ'ן אוקראַאינישען באָדען און אַריינברייגנען אַהין די פאַרשידענע הילפס־מיטלען פון אַמעריקאַ.

זעהר טיכטיגע און ענערגישע מיטהעלפער אין פאַרוואַלטען, צעטיילען און אָנפיהרען מיט דער דאָזיגער הילפס־אַרבייט, האָבען די פאָרשטעהער פון „דזשאָינט“ געפונען אין די אָרטיגע קהלות, וועלכע האָבען עקזיסטירט אין די גרעסערע צענטערן אַ דאַנק דער ניט לאַנג־צוריק באַקומענער נאַציאָנאַל־פּערזאָנאַ־לער אויטאָנאָמיע. די דאָזיגע קהלות זיינען פאַר די אוקראַאינער אידען געווען דאָס וואָס מען רופט „די רפואה פאַר דער מכה“. ווייל ניט קוקענדיג דערויף וואָס אין די סטאַטוטען ווענען די קהלות איז ניט דערמאָנט קיין וואָרט וועגען הילפס־אַרבייט פאַר פּאָגראָם־געליטענע (בעת די סטאַטוטען זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען, האָט מען גאָרניט געטראַכט וועגען אַזאַ אומגלויבליכען פּאַראַדאָקס, ווי נאַציאָנאַל־פּערזאָנאַלע אויטאָנאָמיע און אידישע פּאָגראָמען, וועלכער איז ליידער גיך געוואָרען אַ שרעקלאַכע

ווירקליכקייט), זיינען דאָך אַלע קהלות תיכף נאָך די פּאָגראָמען פּאַקטיש פאַרוואַנדעלט געוואָרען פון אָרגאַנען פון אידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין פּשוט׳ע הילפּס־קאָמיטעטען. וועגען וועלכער עס איז אַנדער ארבייט, וואָס איז דוקא יאָ אריינגע־גאַנגען אין דער קאָמפּעטענץ פון די קהלות, האָט די גאַנצע צייט, וואָס די פּאָגראָמען האָבען ניט אויפגעהערט, קיין רייד ניט געקאָנט זיין. און אָט ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די הילפּס־ארבייט פון „דזשאָינט“ האָבען די קהלות פאָרגעשטעלט מיט זיך דעם איינציגען גוט־אָרגאַניזירטען אידישען געזעל־שאַפטליכען אַפּאַראַט, וועלכער האָט געקענט די דאָזיגע ארבייט אָנפיהרען.

די הילף פון „דזשאָינט“ האָט פאַר די אוקראַינער אידען געהאַט אַ צווייענדיגע באַדייטונג — ערשטענס, אַ מאַטעריעלע, און צווייטענס, אַ מאָראַלע. די מאַטעריעלע זייט פון דער „דזשאָינט“ הילף איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איהרע געלדער האָבען באַטראָפען אין אוקראַינישע וואַליוטאַ ניט קיין צעהן מיליאָן, נאָר הונדערטער מיליאָנען רובעל. און מיט אַזאַ סומע האָט מען שוין געקענט אויף וויפיל ניט איז פאַרלייכטערען די נויט פון די געליטענע. אויסער מזומן געלד האָט די „דזשאָינט“ אויך געבראַכט פיעל קליידער, פּראָדוקטען, געצייג און מעדיקאַמענטען. אַלע די זאַכען זיינען אָהן צווייפעל געווען פון גרויס ווערט און נוצען פאַר דער אידישער באַפעלקערונג, וועלכע איז געבליבען בלויז אין די זעקענע מלבושים, וואָס זי האָט געטראָגען אויפ׳ן לייב. פון באַזונדערער וויכטיגקייט זיינען אָבער געווען די מעדיקאַמענטען.

זינט די וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבען ביז היינטיגען טאָג לעבט אוקראַינא איבער אַ שטאַרקען קריזיס אין מעדי־קאַמענטען. ניט נאָר קאָסט דאָרט אַ געוויינלאַכער רעצעפּט אין די הונדערטער און זאַגאר טויזענטער רובעל, נאָר פיעלע אַרטיקלען, ווי יאָד, וואַטע, מאַרלי און ד. גל., איז פּשוט ניט געווען צו קריגען אפילו פאַר געלד. דאָס איז געווען די אורזאַך, וואָס זעהר אַ גרויסע צאָהל פון שווער פאַרוואונדעטע אין די פּאָגראָמען זיינען אין גרויסע יסורים געשטאָרבען פון

זייערע פאַרלאָזטע וואונדען אָדער האָבען פאַרלאָרען וועלכע עס איז אברים. אזוי שנעל אָבער ווי עס האָט זיך באַקומען דער ערשטער טראַנספּאָרט מעדיקאַמענטען פון „דזשאָינט“ האָבען איינינע ראַיאָנע הילפס - קאָמיטעטען, ווי דער מאָהילעוור פּאָדאָליער, צ. ב., געעפענט אייגענע אַפּטייקען, וואוהין עס האָבען זיך תיכף אַ לאָז געטאָן אַ גרויסע מאַסע שווער פאַרוואונדעטע פון ראַיאָן, מאנכע צו־פוס, ווייל זיי האָבען ניט געהאַט אויף הוצאות, מיט צוהאַקטע הענט, צושפּאָלטענע שאַר־בענס, אָפּגעהאַקטע פינגער, די וואונדען פון וועלכע האָבען שוין פון אַ צייט געפוילט און האָבען געהאַלטען אין אָנשטעקען די איבעריגע נאָך געזונטע טיילען פון קערפּער. און נאָר אַ דאַנק די דאָזיגע מעדיקאַמענטען זיינען פיעלע פון זיי מיט דער צייט אויסגעהיילט געוואָרען.

פון ניט קיין קלענערער וויכטיגקייט איז אויך די מאָראַלישע זייט פון דער באַקומענער „דזשאָינט“ הילף. אום דאָס קלאָר צו מאַכען, וועל איך ברענגען פאָלגענדען פאַקט: נאָך די ערשטע פּעטליורישע פּאָגראָמען אין 1919 האָט דער מאָהילעווער הילפס־קאָמיטעט באַקומען פון די אויבען דערמאָנטע אסיגנירטע צעהן מיליאָן רובעל (קאַרבאָוואַנצים) אַן ערך פון אַ מיליאָן מיט אַ פערטעל פאַר די פּאָגראָם־געליטענע פון ראַיאָן. האָט ער צוזאַמענגערופען קיין מאָהילעוו אַ צוזאַמענפאָהר פון אַלע אַרומיגע קהילות, כדי צו באַשפּרעכען די לאַגע אויף די ערטער און איינטיילען זיי דאָס געלד. גאַנצע דריי טעג כסדר האָבען די דעלעגאַטען, די מעהרסטע פון וועלכע האָבען אַליין עמיצען פאַרלאָרען אין די פּאָגראָמען, מיט ביטערע טרעהרען אין די אויגען געשילדערט די מורא׳דיגע איבערלעבענישען פון זייערע שטעדטלאַך ערב די פּאָגראָמען, די שרעקליכע ווילדע רציחות און בילדער בעת די פּאָגראָמען און דעם אומבאַשרייבליכען חורבן, נויט און עלענד, וואָס הערשט דאָרט נאָך די פּאָגראָמען. און ווען מען האָט זיי ענדליך געלאָזט וויסען פון דעם באַקומענעם געלד, האָבען זיך תיכף אויפגעהויבען פון אַלע זייטען קולות, אַז זיי וועלען גיכער אויסגעהן פון הונגער און שלאָפּקייטען, איידער נעמען פון דער רעגירונג געלד, וואָס

איז פארפלעקט מיט'ן בלוט פון זייערע אייגענע און וועלכעם דארף איהר צוריק א שמיץ געטאָן ווערען אין פנים אריין. און עס האָט געקאָסט פיל מיה אָנצואווייזען די מיט רעכט אויפ־גערעגטע דעלעגאטען, אז דאָס איז לעת עתה די איינציגע הילף, מיט וועלכער מען קאָן כאָטש אויף וויפיל עס איז ניט איז פארלייכטערען די נויט און ליידען פון די פּאָגראָם־געליטענע. ענדליך האָבען אויך די דעלעגאטען איינגעזעהען אז עס איז קיין אנדער ברירה ניטאָ, און זיי האָבען דאָס געלד גענומען. זיי האָבען דאָס אָבער געטאָן מיט בושה און ווייטאָג אין הארצען.

גאַנץ אַנדערש איז מיט דער „דזשאָינט" הילף. ניט נאָר פארלייכטערט די דאָזיגע הילף די נויט פון דער רואינירטער אוקראַינער אידישער באַפעלקערונג, נאָר דער באַוואוסטזיין, אַז די הילף קומט פון א ברידערליכער האַנט, וועלכע פיהלט דיר מיט און איז וויליג דיר מיט אַלעם מעגליכעם צו העלפען, ברענגט אויך אריין אין די הערצער פון די דערשלאָגענע און הילפלאָזע אוקראַינער אידען א געוויסע טרייסט, מוט און האָפנונג, אַז כל זמן ווי ערגעץ לעבט נאָך א טייל פון זייערע מעהר גליקלאכע ברידער, וועלכע טראכטען און זאָרגען פאר זיי, איז נאָך ניט אַלעס פארלאָרען... דער לעצטער פונקט איז, נאָך מיין מיינונג, דער וויכטיגסטער אפשר פון דער „דזשאָינט" הילפס־טעטיגקייט.

די הילפס־ארבייט פון „דזשאָינט" אין אוקראַינא האָט זיך, ווי שוין געזאָגט, אָנגעהויבען אַביסעל צו שפּעט. נאָר בעסער שפּעטער ווי קיינמאָל ניט. די הויפּטזאַך איז, אַז די דאָזיגע הילף טאָר ניט אָפּגעשטעלט ווערען און דארף ערשט פאַר־ברייטערט ווערען דורך קאָנסטרוקטיווער און אויפבויאונגס־ארבייט.

יולי, 1921.

# דער עמיגראַציע־שטראָם פון דעם אוקראַינער אידענטום.

די שרעקליכע פאָלגען פון דער וועלט־מלחמה און די אָפטע פּאָליטישע איבערקערענישען און ניט אויפהערענדע פּאָגראָמען האָבען אין גרונד צעשטערט דעם עקנאָמישען און גייסטיגען מצב פונ׳ם אוקראַינער אידענטום.

דער אַלץ וואקסענדער יקרות און ארבייטסלאָזיגקייט פון איין זייט, און די שטענדיגע מורא און ניט־זיכערקייט פאר׳ן מאָר־גענדיגען טאָג פון דער צווייטער זייט, האָבען סיי מאַטעריעל, סיי גייסטיג צעבראָכען און רואינירט טויזענטער און צעהנדליגער טויזענטער אוקראַינער אידען. מענשען, ערשט מיט א פּאָר יאָהר צוריק גוט־איינגעזעסענע מיט דער אָדער יענער מלאכה אָדער פּראָפעסיע אין דער האנט, געהען היינט ארום בטל אָהן מוט און אָהן האָפנונג אויף בעסערע צייטען.

דאָס אלעס האָט נאטירליך ארויסגערופען אויף דער אידישער גאַס א זעהר אינטענסיווע עמיגראציע־באוועגונג. און ניט נאָר צווישען א געוויסען קלאַס אדער גרופּע פון דער אידישער באפעל־קערונג, נאָר אלע שיכטען, אלע קלאַסען אָהן אויסנאַם טראַכטען און טרוימען איצט נאָר פון עמיגראציע אלס דאָס איינציגע רעטונגס־מיטעל פון זייער אומערטרעגליך־געוואָרענער לאַגע.

דער אידישער וואַנדער־גייסט, וועלכער איז פאר דער צייט פון דער מלחמה אַנדרימעלט געווארען, האָט איצט פון דאָס ניי ערוואכט מיט זיין גאנצען כח און קראפט. וואו איהר זאָלט ניט געהן און שטעהן, מיט וועמען איהר זאָלט ניט ריידען, הערט איהר בלויז נאָר איין טעמע: עמיגראַציע.

טויזענטער מענשען און משפּחות צעברעכען זייער בעל־הביתשקייט, פארקויפען אויס דאָס לעצטע און סאמע נויטיגסטע כדי צו קריגען אויף די נויטיגע הוצאות און לאָזען זיך אין וועג אריין, ניט וועלענדיג זיך רעכענען מיט קיינע שוועריגקייטען און שטערונגען, מיט קיינע געפאהרען און פארבאָטען און אליין ניט וויסענדיג וואוהין, צו וועמען און צו וואס...

דאָס לעצטע אינטערעסירט אָבער קיינעם ניט, ווייל דער הויפּט געדאַנק און וואונש, וועלכע מוטשען יעדען אוקראַינער אידען איז ווי אזוי אנטלויפט מען פון דאַנעט וואס שנעלער און וואָס ווייטער וועט זיין, וועט מען שפּעטער זעהן.

זעלבסטפארשטענדליך, אז די פאָלגען פון אזא מין סטיכי־שער און פּלאַנלאָזער עמיגראַציע קענען און מוזען זיין זעהר טראַגישע פאר די אָנגעליטענע עמיגראַנטען. און די קאַטאַסטראָפאַלע סימנים פון דעם לאָזען זיך שוין טאַקע פיהלען. די נאָהענטע צו דער גרעניץ שטעדטלאַך זיינען שוין פארפלייצט פון'ם אַלץ־וואַקסענדען שטראָם עמיגראַנטען און היימלאָזע, צווישען וועל־כע עס הערשט גרויס נויט, הונגער און שלאַפּקייט.

דער דאָזיגער פאַקט דארף גענומען ווערען אין אכט און ערנסט באַהאַנדעלט ווערען אין די אידישע געזעלשאַפּטליכע קריי־זען פון אייראָפּא און אמעריקא, וואוהין דער דאָזיגער עמיגראַ־ציאַנס־שטראָם פון אוקראַינא איז הויפּטזעכליך געווענדעט.

באַזונדערס וואָלטען זיך מיט דער דאָזיגער ערנסטער עמי־גראַציע־פראַגע געדאַרפט פאַרנעמען די פאַרשידענע אמעריקאַנער און אייראָפּעאישע קאָמיטעטען פאַר הילף די געליטענע אידען פון אוקראַינא, ווי דער אמעריקאַנער „דזשאָינט" און אַנדערע אַזעלכע הילפס ארגאַניזאַציעס, וועלכע וואָלטען פיל געקענט אויפטאָן, כדי די דאָזיגע סטיכישע באַוועגונג צו רעגולירען און פאַרלייכטערען.

עס דאַרף צוזאַמענגערופען ווערען א ספּעציעלע אַלוועלט־ליכע קאָנפערענץ פון אַלע הילפס־קאָמיטעטען, אויף דער טאַגעס־אָרדנונג פון וועלכער די דאָזיגע פראַגע זאָל אוועקגעשטעלט ווע־רען אין איהר פולער גרויס און ווי ווייט מעגליך אַלזייטיג געלעזט ווערען. די פראַגע פון עמיגראַציע איז פאַר די אוקראַינער אי־דען איינע פון די ברענענדסטע לעבענס־פראַגען אין איצטיגען מאָמענט און זי טאָר בשום אופן ניט לענגער אָפּגעלעגט ווערען.

דאָס וואָלט גענוען די וויכטיגסטע און ראַציאָנאַלסטע הילף וואָס מען קען טאָן פאַר דעם אוקראַינער אידענטום.

יולי, 1920.

# אוקראינער היימלאָזע אין בעסאַראַביע.

(קאָרעספּאָנדענץ)

דער ערשטער שטראָם פון אוקראינער היימלאָזע קיין בעסאַראביע האָט זיך אָנגעהויבען אין זומער, 1920, נאָך די שווידער־האפטע פּאָגראָמען, וועלכע זיינען צו יענער צייט פאָרגעקומען אין א גאנצער רייהע אידישע שטעדט און שטעדטלאך אין פּאָדאָליער גובערניע, וואָס ליגען נאָהענט צו דער בעסאראביער גרעניץ.

די דאָזיגע פּאָגראָמען, באוואוסט אונטער'ן נאָמען „טיוטיונאָווסקי", וויל זיי זיינען געמאכט געווארען דורך די פּארטיזאני־שע באנדעס פון דעם אָטאָמאן טיוטיוניק, און וועלכע זיינען בדרך אגב שוין ניט געוועזן די ערשטע אין יענע ערטער, האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער ווילדער, אוממענשליכע אכזריות־דיגקייט געגען דער אידישער באפעלקערונג און זיי האָבען דאָס געצוואונגען טויזענטער און טויזענטער פּאַראָרימטע אידישע משפּחות איבערצולאָזען זייער ביסעל האָב און גוטס אויף הפקר און לויפען זוכען זייער רעטונג אויף יענער זייט דניעסטער — אין בעסאראביע, צווישען זייערע מעהר גליקליכע ברידער.

א שרעקליך בילד האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט די ערשטע אַריבערגעקומענע אוקראינער אנטלאָפענע אידען, צווישען וועל־כע עס האָט זיך געפונען א גרויסער טייל אַלטע לייט, פרויען און קליינע קינדער. אַלע זיינען געוועזן נ א ק ע ט, ב אָ ר ו ו ע ס און ה ו נ ג ע ר י ג. די מעהרסטע פון זיי זיינען נאָך געוועזן אויף טויט איבערגעשראָקען פון זייערע שוידערליכע איבערלעבונ־גען און האָבען ניט געקענט קומען צו זיך. עס זיינען צווישען זיי אויך געוועזן פילע בעת די פּאָגראָמען שווער־פארוואונדעטע און א גרויסע צאָהל געשענדעטע און קראנקע פרויען און מייד־לאך.

די דאָזיגע אומגליקליכע האָבען ניט נאָר געריהרט די הער־צער פון די בעסאראביער אידען, וועלכע האָבען זיי ברידערליך אויפגענומען, צושטעלט איבער די הייזער און פארזאָרגט מיט

עסען, קליידער און מעדיצינישע הילף, נאָר אפילו די רומענישע אדמיניסטראציע האָט אויף זיי רחמנות געקראָגען און זיי ניט גע־שטערט אריבערצוגעהן די גרעניץ אומגעזעצליך און זיי נאָך ער־לויבט צו בלייבען אין לאנד אין משך פון 3 חדשים, ארויסגע־בענדינג זיי ספּעציעלע דאָקומענטען. (שפּעטער, ווען די ערשטע 3 חדשים האָבען זיך געענדיגט איז דער טערמין פארלענגערט געווארען אויף נאָך 3 חדשים.)

אָבער א דאנק די נאָך אלץ ניט אויפהערענדע פּאָגראָמען אין אוקראינא, ווערט דער שטראָם אנטלאָפענע פון דארטען קיין בע־סאראביען מיט יעדען טאָג שטארקער און גרעסער. דערצו האָ־בען זיך אהער אויך א לאָז געטאָן א גרויסע צאָהל אזעלכע משפּחות, וועלכע האָבען זייערע שפּייזער און קרובים אין אמע־ריקא און זיינען פון זיי אָפּגעריסען די גאנצע צייט פון דער מלחמה. געוואָהר ווערענדיג, אז דורך רומעניע קען מען קומען אין פארבינדונג מיט אמעריקא, האָבען פרישע טויזענטער משפּחות און איינצעלנע אידען פון אלע עקען אוקראינא זיך צעבראכען, אויס־פארקויפט אלעם וואס איז זיי נאָך געבליבען נאָך די פּאָגראָמען און זיך א לאָז געטאָן קיין בעסאראביען. און ניט קוקענדיג אויף אלע שוועריגקייטען און געפאהרען, מיט וועלכע דאָס „גנב'ענען" די גרעניץ איז איצט פארבונדען סיי מצד דער אוקראינישער וואך פון יענער זייט דניעסטער, סיי מצד די רומענער פון דער זייט און סיי מצד די קאָנטראבאנדיסטען, וועלכע בארויבען די מעהרסטע קרבנות פון ביידע זייטען הערט אָבער דער שטראָם היימלאָזע ניט אויף ביז היינטיגען טאָג.

די צאָהל פון די אוקראינער אידישע היימלאָזע אין בעסארא־ביע, וועלכע קוקען ארויס אויף הילף פון זייערע אמעריקאנער קרובים, באטרעפט שוין היינט צו טאָג פיל צעהנדליגער טויזענטער און זייער לאגע ווערט דאָ פון טאָג צו טאָג שרעקליכער און עס דראָהעט זיי א שוידערליכע קאטאסטראָפע. פון איין זייט זיינען די בעסאראביער אידען, וועמעס מאַטעריעלע לאגע איז איצט אליין אויך ניט איבעריגס גלענצענד, שוין מיד געווארען אויסצוהאלטען די דאָזיגע צאָהללאָזע ארמיי היימלאָזע. פון דער צווייטער זייט, האָט זיך אויך דער אמעריקאנער

„דזשאָינט" דורך זיין רומענישען פארטרעטער — ה' לאַנדעסקו, אָפּגעזאָגט ווייטער צו שטיצען די אוקראַינער היימלאָזע, וואס ער פלעגט ביז איצט אין א געוויסער מאָס יא טאָן. און ריהרענדע סצענעם שפּילען זיך דארום טאָג־טעגליך אָפּ אין די היגע הילפס־קאָמיטעטען, וועלכע זיינען פארפלייצט מיט פארצווייפעלטע מע־נער, פרויען און קינדער וואס ליידען הונגער און קעלט און עס איז ניטאָ מיט וואָס זיי צו העלפען...

דערצו וויל שוין אויך די רומענישע רעגירונג מעהר ניט דול־דען די דאָזיגע היימלאָזע. פאר די, וועלכע זיינען שוין דאָ פון פריהער און האָבען באקומען דאָקומענטען, ווערען איצט אַרויסגע־געבען ספּעציעלע עמיגראַנטען־פּעסער צו פארלאָזען דאָס לאַנד. און א גרויסע צאָהל אזעלכע, וועלכע האָבען שוין באוויזען צו באַ־קומען געלד און פאָדערונגען פון זייערע אמעריקאַנער קרובים, וואָלטען גערן עמיגרירט, וויל אָבער דער אַמעריקאַנער קאָנסול בשום אופן ניט ווזירען די דאָזיגע פּעסער, ווייל זיי הייסען אוקראַינער, און אוקראַינע איז דאָך, ווי באוואוסט, ניט אנער־קענט פון אמעריקא. אזוי אז אפילו די דאָזיגע „גליקליכע" היימ־לאָזע (אזוי ווערען דאָ אָנגערופען די יעניגע פון די היימלאָזע, וועמען עס האָט געגליקט צו באקומען געלד און פאָדערונגען פון אמעריקא) געפינען זיך ווידער אין א פארצווייפעלטער לאגע.

אם שרעקליכסטען און שוידערליכסטען אָבער איז די לאגע פון די יעניגע היימלאָזע, וועלכע זיינען אריבערגעקומען אדער קו־מען אריבער די לעצטע צייט און קענען ניט באקומען קיין דאָקו־מענטען. אזעלכע מוזען, לויט א לעצטען באפעהל פון דער רו־מענישער רעגירונג, אין 24 שעה צייט אריבערגעשטעלט ווערען קיין אוקראַינא. און טאָג־טעגליך קומען איצט פאָר איבער גאנץ בעסאראביע ווילדע „אָבלאַוועס" אויף די דאָזיגע אומגליקליכע, וועלכע לויפען ווי פאר'סמ'טע און געיאגטע חיות, זיך באהאל־טען מיט די קינדער אין די ארומיגע פעלדער און וועלדער, וואו זיי ליגען אָפּט צו עטליכע טעג און נעכט אין הונגער, קעלט און טויט־שרעק.

מחנות־ווייז ווערען די דאָזיגע דאָקומענטענלאָזע היימלאָזע איצט אַרעסטירט און צוריקגעשיקט. און ניט צו באשרייבען זיי־

נען די טראגישע סצענעס וואס שפּילען זיך אָפּ בעת מען פיהרט די דאָזיגע פון שיקזאל און מענשען פאר־פאָלגטע קרבנות צום דניעסטער אויף צוריקצושיקען. פילע באקומען היסטעריע, אנדערע ווארפען זיך צו דער ערד און בעטען מען זאָל זיי אויפ׳ן אָרט דערשיסען, ווייל אין אוקראינא האָבען זיי ניט מעהר וואָס צו טאָן. עס ערווארטעט זיי דאָרט בלויז א שווערע שטראָף, הונגער־טויט און ווייטערדיגע פּאָגראָ־מען...

אויף וויפיל די לאגע פון די אוקראינער היימלאָזע איז איצט געווארען אומערטרעגליך, באווייזען די פאלען פון זעלבסטמאָרד, וועלכע האָבען אָנגעהויבען פארקומען צווישען זיי די לעצטע צייט. קיין אנדער אויסוועג פון זייער פארצווייפעלטער לאגע זעהען די דאָזיגע אומגליקליכע ניט, ווייל בלייבען דערווייל ווייטער אין בעסאראביע לאָזט זיי די רומענישע רעגירונג ניט. אומקערען זיך צוריק קיין אוקראינא, וואו זיי האָבען אזוי פיל בלוטיגע וואונדען באקומען און אלץ פארלוירען — ווילען זיי ניט און טאָרען ניט. און עמיגרירען, ווען זיי האָבען שוין זאָגאר די מעגליכקייט, קע־נען זיי ניט איבער א קאפּריז פונ׳ם אמעריקאנער קאנסול.

אויף די אמעריקאנער אידען, פון וועמעס עלטערען, פרויען שוועסטער און ברידער עס באשטעהען די טויזענדער און טויזענ־טער היימלאָזע, וועלכע שמאכטען איצט אין בעסאראביע, ליגט דארום דער חוב צו ראטעווען די דאָזיגע אומגליקליכע פּאָגראָם־קרבנות, וועמעס צרות און ליידען האָבען קיין שיער און קיין סוף. און געטאָן מוז אלץ ווערען באלד, ווייל זאָנסט קען שוין זיין צו שפּעט.

**יאנואר**, 1921.

# פראָפ. ישראל פרידלענדער׳ס לעצטע טעג אין אוקראינא.

פראָפ. י. פרידלענדער מיט זיינע קאָלעגען, דער זשורנאַליסט משה קאַטץ, רעדאקטאָר פון פילאדעלפיער „אידישער וועלט“ און דר. ליוויי, זיינען אָנגעקומען קיין מאָהילעוו־פּאָד. פרייטאָג־צו־נאַכטס, דעם 2טען יולי, 1920, אין אַן אוטאָמאָביל, אונטער דעם אַמעריקאַנעם פלאַג. זיי זיינען דאָ געווען אויף זייער וועג קיין פוילען, נאָכדעם ווי זיי האָבען פארבראכט אין אוקראינא איי־ניגע חדשים, טוענדיג פארשידענע הילפס־ארבייט פאר די פּאָ־גראָם־געליטענע.

ניט קוקענדיג אויף דער שפּעטער שעה האָט זיך דאָך די ידיעה וועגען דעם אָנקומען פון „עפּעס“ אַן אמעריקאנער דעלע־גאציע תיכף פארשפּרייט איבער דער גאנצער שטאָדט און שבת גאַנץ פריה, דעם 3טען יולי, איז שוין דער האָטעל „בעלוויו“, וואו די דעלעגאטען האָבען זיך אָפּגעשטעלט, געווען באַלאַגערט פון אַ גרויסען עולם נייגעריגע אידען.

דעם זעלבען טאָג גראדע האָט די אוקראינער מאכט זיך גע־קליבען צו פארלאָזען די שטאָדט און מען האָט זיך, ווי דער מנהג איז דאַן געווען, שטאַרק געשראָקען פאר אַ פּאָגראָם. דאָס אָנקו־מען פון דער דעלעגאציע אָבער האָט אַלעמען בארוהיגט, ווייל עפּעס איז מען געווען ווי זיכער, אַז אין דער אנוועזענהייט פון אמעריקאנער געסט וועלען די חוליגאנעם דאָס מאָל ניט וואגען צו מאכען קיין פּאָגראָם, ווי זיי פלעגען געוויינטליך טאָן איידער זיי האָבען געמוזט פאַרלאָזען אַ שטאָדט. גרויס פרייד האָבען אויך ארויסגערופען די הונדערטער בריף וואס די דעלעגאציע האָט מיט זיך געבראכט פון אמעריקאנער קרובים, פון וועלכע מען האָט שוין עטליכע יאהרען ניט געהערט און דאָס וואס מען וועט האָבען אַ געלעגענהייט מיטצוגעבען מיט זיי בריף קיין אמעריקא.

מעהר פון אלע האָט אויף זיך געצויגען אויפמערקזאמקייט סיי מיט זיין אימפּאָזאנטען אידישען אויסזעהן, סיי מיט זיין אויפ־פיהרונג — פראָפ. פרידלענדער. שבת אין דער פריה איז ער

געגאנגען דאווענען אין דער גרויסער שוהל, וואו ער האָט גע־האלטען אַ רעדע מעניגא־דיומא אין העברעאיש, וועלכע האָט ארויסגערופען טרערען אי ביים עולם אי ביים רעדנער גופא. ער האָט אויך מנדר געווען אַ געוויסע סומע פאר דער שוהל.

ניט קוקענדיג דארויף, וואס די שטימונג אין שטאָדט איז גע־ווען זעהר אַ נערוועזע און אומרוהיגע צוליב דער עוואקואציע פון די אוקראינצעס און דעם דערנעהנטערען זיך פון די באָלשעווי־קעס, האָבען די דעלעגאטען פארבארכט דעם גאנצען טאָג שבת אין לאָקאל פון דער קהלה־פארוואלטונג, וואו זיי האָבען געהאט באַראַטונגען מיט די אָנפיהרער פון פּאָגראָם־קאָמיטעט און האָבען אויסגעהערט אַ סך טרויעריגע באריכטען פון די היימלאָזע פון אַ גאנצער רייהע צעגראָמירטע שטעדטלאך פון אויעזד, וועלכע זיי־נען אנטלאָפען קיין מאָהילעוו.

די גאנצע צייט איז דער לאָקאל פון דער קהלה געווען בא־לאגערט פון אַ גרויסער מחנה היימלאָזע מענער, ווייבער און קינדער, יעדער פון וועלכע האָט געזוכט פּערזענליך זיך אויסריי־דען דאָס הארץ פאר די „אמעריקאנער" און מיר האָבען גע־מוזט איבערטראגען אונזערע באַראַטונגען אין דעם פּריוואט הויז פון דר. שטערן. אין מיטען דער באַראַטונג, ווען פּראָפ. פריד־לענדער האָט געהאלטען אין ענטפערן אויף די אָנגעמערקטע פּלע־נער פון די פאָרשטעהער פון פּאָגראָם־קאָמיטעט, האָט זיך פּלוצים לעבען הויז, וואו מיר זיינען געווען פארזאמעלט, אָנגעהויבען אַ שיסעריי פון שכור'ע קאָזאַקען, וועלכע האָבען געשאָסען אין אַ גרופּע אידען און צופעליג געטראפען איינעם פון זייערע איי־גענע חברים. אין גאס איז תיכף געווארען אַ טומעל און גע־לויף אין אַלע זייטען — אַ גאנץ געוועהנליך און טאָג־טעגליך בילד צו יענער צייט אין אוקראינא. דאָס האָט, קענטיג, געמאכט זעהר אַ שווערען איינדרוק אויף די דעלעגאטען. די באַראַטונג, פארשטעהט זיך, איז איבערגעריסען געווארען און פּראָפ. פרידלענ־דער מיט זיינע קאָלעגען האָבען באשלאָסען אפּצופאָהרען.

פאר אונז, די פאָרשטעהער פון דער קהלה און פּאָגראָם־קאָ־מיטעט, איז די ערנסטקייט פון דער לאַגע געווען קלאָר נאָך פון אין דער פריה און מיר האָבען שוין פריהער געוואוסט, אז פאר

די דעלעגאַטען וועט זיין געפעהרליך לענגער צו פארבלייבען. ניט וועלענדיג זיי זאָלען צוריקפאָהרען צוזאַמען מיט די אָפּ־טרעטענדע פּעטליוראָווצעס, האָבען מיר מיט פיל מיה געקראָגען פאר זיי אַן ערלויבניש אַריבערצופאָהרען קיין בעסאראביע, רומעניע, וואו זיי וואָלטען געווען זיכער (מאָהילעוו גרע־ניצט זיך מיט בעסאראביע דורך דעם טייך „דניעסטער"). אין לעצטען מאָמענט אָבער האָבען די דעלעגאַטען באשלאָסען צו פאָה־רען ניט קיין בעסאראביע, נאָר צוריק קיין קאמענעץ, פון וואנעט זיי זיינען אָנגעקומען און וואו זיי האָבען איבערגעלאָזט וויכטיגע דאָקומענטען און פון דארט קיין ווארשע, פוילען.

אינטערעסאנט איז, אז בעת דעם מיטאָג, וואס מיר האָבען איינגעאָרדענט לכבוד די חשוב'ע געסט־דעלעגאטען, איז פּראָפ. פרידלענדער געווען אין זעהר א גוטער שטימונג. ער האָט אונז געהאלטען אין דערצעהלען פיל אנעקדאָטען און עפּיזאדען פון זייערע ערפאהרונגען אין אוקראינא און צולעצט רופט ער זיך אָן צו אונז מיט אַ שמייכעל: — „ווי דענקט איהר, די חברה — מיינענדיג די פּעטליוראָווצעס — קען אונז ניט צורעכט מאכען אין וועג?" אויף וואס מיר האָבען איהם פארזיכערט, אז קיין אמעריקאנער בירגער וועלען זיי געוויס ניט וואגען אָנצוריהרען. הלואי, האָבען מיר איהם געזאָגט, האלב אין שפּאס און נאָך מעהר אין ערנסט, קענט איהר בלייבען דאָ מיט אונז, וועלען מיר אליין אויך ניט דארפען מורא האָבען פאר א פּאָגראָם...

דער שיקזאל האָט אָבער אנדערש געוואלט. אָנקומענדיג בשלום קיין קאמענעץ האָט פּראָפ. פרידלענדער זיך צעטיילט מיט זיינע קאָלעגען — מ. קאַטץ און דר. ליוויי און צוזאַמען מיט דר. קאַנטאָר און נאָך אַ דעלעגאט האָט ער זיך געלאָזט פאָהרען אין אן אויטאָמאָביל קיין ווארשע דורך פּראָסקוראוו. און מאָנ־טאָג, דעם 5טען יולי, ווי באוואוסט, איז ער מיט דר. קאַנטאָר אויף אַ ברוטאלען אופן ערמאָרדעט געווארען פון מיליטערישע באַנדיטען הינטער יארמאלינעץ.

**די ידיעת וועגען פּראָפ. פרידלענדער'ס טויט האָט געמאכט**

אַ שרעקליכען און דערשלאָגענדען איינדרוק אויף אלע אוקראינער אידען בכלל און אויף אונז, וועלכע האָבען געהאט דאָס זעל־טענע גליק צו קומען מיט איהם אין נאָהענטער באַריהרונג, בלויז אַ פּאָר טעג פאַר זיין טראַגישען טויט, בפרט.

# אוים דעם אַרכיוו פון מאָהילעוו־פּאָדאָליער ראַיאָן קאָמיטעט

צו העלפען די געליטענע פון די פּאָגראָמען.

---

## איינצעלהייטען וועגען פּראָפ. פרידלענדער'ס טויט

(איבערזעצט פון רוסישען אָריגינאל)

דער איינוואהנער פון שטעדטעל יארישעוו — משה (פאַמיליע נאָמען געדענק איך ניט), וועלכער האָט זיך לעצטע וואך אומגעקערט פון קאמענעץ־פּראָסקוראווער געגענד, דערצעהלט, אז ער האָט אין דונאיעוועץ אליין גערעדט פּערזענליך מיט דעם שאָופער, וועלכער האָט געפיהרט די אמעריקאנער מיסיע פון קאַמענעץ קיין פּראסקוראוו און וועלכער האָט איהם איבערגעגעבען פּאָלגענדעס:

קומענדיג נאָהענט צום שטעדטעל יארמאָלינעץ, האָט ער און אויך די מיסיע (לויט דעם שאופער'ס רייד זיינען מיט איהם געפאהרען — דער פּראפעסאר, א דאָקטאָר און נאָך אַ הער, א קאמענעצער אדער א נאָוואָסעלעצער) באמערקט ווי פון דעם וועלדעל וואס נעבען שאָסעע זיינען ארויסגעקומען דריי מענשען, באַוואפענט מיט ביקסען און רעוואלווערן און פארשטעלענדיג דעם וועג פאר דעם אויטאָמאָביל, האָבען זיי א געשריי געטאָן: „שטעה!"

דער פּראפעסאר האָט געהייסען זיך אָפּשטעלען, ניט קוקענדיג דארויף וואס דער שאופער האָט געראטען בעסער צו אנטלויפען.

אויף די באנדיטען'ס פראגע: „ווער זענט איהר דאס אזעלכע?" האָט דער פּראפעסאר זיך רעקאָמענדירט. אָבער נאָך איידער ער האָט געענדיגט די פראזע האָט איינער פון די באַנדיטען אויסגעשאָסען אין איהם פון אַ רעוואָלווער גלייך אין ברוסט אריין. דערנאָך האָט דער שאופער באמערקט, אז אויך דער דאָקטאָר איז געווען פארוואונדעט אין בויך. וואס עס איז גע־

שעהן צום דריטען הער האָט ער שוין ניט געוואוסט, ווייל ער (דער שאופער) איז אראפּ געשפּרונגען פון אויטאָמאָביל און זיך געלאָזט לויפען אויפ'ן וועג צוריק קיין דונאַיעוועץ (דיניוועץ).

דערנאָך איז מען געוואָהר געוואָרען, אז נאכדעם ווי די באַנ־דיטען האָבען בארויבט די מיסיע (מען זאָגט אויף 11 מיליאָן), האָבען זיי פארברענט דעם אויטאָמאָביל.

דער דאָזיגער פאל איז פאָרגעקומען פונקט אין דעם מאָ־מענט, ווען די באָלשעוויקעס זיינען אריינגעטראטען אין שטעדטעל יארמאלינעץ פון דער אנדערער זייט.

די מיסיע האָט מען מקבר געווען אין יארמאלינעץ.

די דאָזיגע ידיעות ווערען אויך באשטעטיגט פון אנדערע מענשען, וועלכע זיינען מיט צוויי־דריי טעג צוריק געקומען פון יענער געגענד.

אונטערגעשריבען,

וויזענטאהל.

מאָהילעוו־פּאָד., 12טער אווגוסט, 1920.

# איניגע סטאטיסטישע ידיעות

## [illegible] פאגראם—געשעהנישן אין מאהליווער-יאמפאלער אויעזדן פאר דער צייט יוני—יולי 1919 י.

| № | נאמען פון שטאדט | צאהל אידישע משפחות | צאהל נעליטענע משפחות | צאהל הרוגים | דער דורכשניטליכער עלטער פון די קרבנות | די צאהל געבליבענע אלמנות | צאהל [illegible] | דער סכום פון די היזקות | באמערקונגען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | מאהליוו-פאד. | 6000 | 90 | 5 | 14—4[illegible] | 2 | 11 | 1070935 | 1. [illegible] |
| 2 | מוראפא " | 400 | 280 | 34 | 18—7[illegible] | 83 | 66 | 10125341 | |
| 3 | דזורין " | [illegible]00 | 226 | 12 | 18—8[illegible] | 6 | 17 | 6097920 | |
| 4 | [illegible]ארוגע " | 250 | 161 | 6 | 18—[illegible] | 4 | 8 | 1651652 | |
| 5 | קאפאיגאראד | [illegible]40 | 345 | 19 | 18—7[illegible] | 3 | 15 | 15000000 | |
| 6 | קראסנע | 800 | 800 | 8 | *) | *) | *) | 10000000 | |
| 7 | שארגאראד | 731 | 259 | 21 | *) | *) | *) | 5397108 | |
| 8 | סניטקאוו " | 277 | 55 | [illegible] | *) | *) | *) | 1142254 | |
| 9 | פאפאוועץ " | 400 | 87 | [illegible] | *) | *) | *) | 3578254 | |
| 10 | קוטשינעץ " | 225 | 73 | — | — | — | — | 396090 | |
| 11 | אזארניץ " | 200 | 18 | 1 | — | — | — | 316712 | |
| 12 | בוריוקע " | 110 | 86 | [illegible] | — | — | — | 1178800 | |
| 13 | יארשעוו " | 300 | 162 | — | — | — | — | 3032399 | |
| 14 | מ.-קוריקאוועץ | 300 | 266 | — | — | — | — | 7887238 | |
| 15 | דזיגאווקע " | 450 | 400 | — | — | — | — | 500000 | |
| | סה״כ | 11283 | 3310 | 161 | *) | *) | *) | 67373903 | |

*) נענויע ידיעות זענען אין ה. ק. ניט פאראן.

וואַלטונג און מיט [illegible] [illegible] אין אונזער ראַיאָן.

שבת דעם 3-טען יולי אין-דער-פריה האָט דער פּראָפ. פרידלענדער געהאַלטען א קורצערע רעדע מעניני דיומא אוף העברעאיש אין דער גרויסער שוהל און די איבעריגע צווי דעלעגאַטען מיטן ה׳ בלאַטמאַן זענען געווען אין קהלה, וואו זיי האָבען אופגענומען דעלעגאַציעס פון די היימלאָזע פון די צוגראַבירטע שטעדטלעך פון יאַמפּאָלער אויעזד אויךה אָבען זיי צוטײַלט די בריעף וואָס זיי האָבען געבראַכט פון אַמעריקאַ פאַר מאַה[illegible] און פאַרן ראַיאָן, און האָבען [illegible] אַמעריקאַ.

[illegible] אין אָבגעהאַלטען געוואָ[illegible] אַ פאַראייניגטע באַראַטונג פון דער [illegible]אַציע מיטן פּרעזידיום [illegible] קאָמיטעט און קהלה[illegible]וואַלטונג. אין נאָמען פון ר. ק. און ק. ב. באַגריסט די דעלעגאַציע [illegible] ח׳ מ. יאַמפּאָלסקי, וועלכער [illegible] אַז אַז די איינציגע טרייסט פונים אוקראַינעשען אידענטום אין דאזיגען שווערען מאָמענט איז [illegible] וואָס עס ווייסט אַז [illegible] יענער [illegible] [illegible] זיך זיינע [illegible]

[illegible]ערע ברידער, וועלכע אינטערעסירען זיך מיט איהם. אויף דער באַגריסונג ענטפערט דער פּראָפ. פרידלענדער, וועלכער זאָגט אַז די אמעריקאַנער אידען פיהלען מיט זייערע אוקראַינישע ברידער און טוען אַלעס מעגליכעס זייער לאַגע צו פאַרגרינגערען.

ה׳ יאַמפּאָלסקי באַריכטעט וועגען דער ביז-איצטיגער טעטיגקייט און וועגען פּלאַן פון דער ווייטערדיגער אַרבייט פון ר. ק. און קהלה-פאַרוואַלטונג די ח״ח-הרב י. ביק און מ. סאַדיקאָוו ווייזען אַן דער דעלעגאַציע אויף דער וויכטיגקייט פון דער עמיגראַציע פאַרן אוקראַיני[illegible]

אַלע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען ווערען גענומען אין אכט פון דער דעלעגאַציע

צום באַדויערען און די באַראַטונג צושטערט געוואָרען צוליעב די קלאַנגען, וועלכע האָבען זיך פאַרשפּרייט אין שטאָדט וועגען אַ פּאָגראָם און דורך דעם פּליצלומדיגען שיסעריי וואָס איז פאָרגעקומען אין גאַס פון שיכורע קאָזאַקען

אַזוי ווי דעם טאָג האָט די אוקראַינישע מאַכט פאַרלאָזט די שטאָדט האָט איך די [illegible]אַציע געמוזט דעם זעלבען טאָג אָבפאָהרען.

רעדאַקטאָר

פאַרוואַלטער פון סטאַטיסטיש-אינפאָרמאַציאָנס אַבטיילונג

מ. סאַדיקאָוו

אַרויסגעבער

מאַהלעוו-פאָד. ראַיאָן קאָמיטעט.

דרוקעריי ,טרודי מאַהלעוו-פאָד

פעריאָדישער

# ביולעטען

פון מאָהעלעווער. ראיאָן קאָמיטעט צו העלפען ד
געליטענע פון איבערגאַנגס-צייט.

№ 3 — 10 יולי 1920


אינהאַלט פאַרצייכעניש:



## צו דער עמיגראַציאָנס-פראַגע.

די שרעקליכע פאָלגען פון דער מלחמה, פון די אָפטע פּאָליטישע איבערקערענישען און ניט אויפהערענדע פּאָגראָמען האָבען אין גרונד צושטערט דעם עקאָנאָמישען און גייסטיגען מצב פון אוקראַינישען אידענטום.

דער אַלץ-וואַקסענדער יקרות, פון טאָג צו טאָג די זיך אַלץ-פערגרעסערענדע אַרבייטסלאָזיגקייט און די שטענדיגע מורא און ניטזיכערהייט פאַרן מאָרגענדיגען טאָג, האָבען סיי מאַטעריעל סיי גייסטיג צובראָכען טויזענטער און טויזענטער אוקראַינישע אידען. מענשען ערשט מיט אַ פאָר יאָהר צוריק גוטאַיינגעזעסענע, מיט דער אָדער יענער מלאכה אדער פראָפעסיע אין האַנד, געהן איצט אַרום בטל אָהן מוט און האָפנונג אויף בעסערע צייטען.

דאָס אַלעס האָט נאַטירליך אַרויסגערופען אויף דער אידישער גאַס אַ זעהר אינטענסיווע עמיגראַציאָנסבאַוועגונג. און ניט נאָר צווישען אַ געוויסען קלאַס אָדער גרופּע פון דער באַפעלקערונג, נאָר אַלע שיכטען, אַלע קלאַסען אָהן אויסנאַם טראַכטען און טרוימען איצט נאָר פון עמיגראַציע אַלס דאָס איינציגע רעטונגס-מיטעל פון זייער אונערטרעגליך-געוואָרענער לאַגע. דער אידישער וואַנדער-גייסט, וועלכער איז פאַר דער צייט פון דער מלחמה אַנדרימעלט געוואָרען, האָט איצט

דער איינציגער אין גאַנץ אוקראַינא געדרוקטער „בולעטין" אין אידיש, וואָס איז געווען געווידמעט אויסשליסליך די פּאָגראָם-געשעהענישען. אונגאַנצען זיינען ערשינען בלויז דריי נומערן און יעדער פון זיי איז אַרויס אונטער אַנאַנדער מאַכט: דער ערשטער—אונטער די דעניקינצים. דער צווייטער — אונטער די באַלשעוויקעס. דער דריטער — אונטער די פּעטליוראָווצים. דער „בולעטין" האָט זיך אָפּגעשטעלט, ווייל זיין רעדאַקטאָר האָט תיכף נאָכ'ן ערשיינען פון דריטען נומער פאַרלאָזט אוקראַינאַ.

# שטאדטישע כראניק.

## היימלאזע.

בשעת עס זענען אין מאי ד. י. פארגעקומען די פאגראמען אין די שטעדטלעך קאסניצע, ווערבקע, צעקינאווקע און אנד. נעבן יאמפאל, זענען א גרויסער טייל דארטיגע אידען מיט די ווייבער און קינדער אריבער אויף בעסאראביער זייט.

זונטאג דעם 13 יוני האט די בעסאראביער מאכט צוריק אריבער געשטעלט קיין מאהלעוו-פאד. א פארטיע, פון 300 היימלאזע, וועלכע האבען געזאלט אבגעשיקט ווערען מיטן עטאפ קיין יאמפאל. א דאנק אבער די באמיהונגען פון דער היגער קהלה-פארוואלטונג זענען אלע היימלאזע באפרייהט געווארען. אזוי ווי די היימלאזע האבען נאך קיין מעגליכקייט ניט אומצוקערען זיך א היים און די גרסעטע טייל פון זיי נויטיגט זיך שטארק, האט די קהלה-פארוואלטונג אויף די געלד מיטלען פון ראיאן קאמיטעט געעפענט פאר זיי אן ערנעהרונגס פונקט, וואו עס ווערען געשפייזט טעגליך העכער 250 מענשען. אויך איז פאר זיי געעפענט געווארען א שלאף-פונקט. די קהלה-פארוואלטונג זארגט אויך דאפיר אז די היימלאזע זאלען זיך ביי דער ערשטער מעגליכקייט קענען אומקערן א היים.

## אין קהלה.

די היגע קהלה-פערוואלטונג האט באקומען פרייוואט[illegible] אפיציעלע ידיעות אז צום אטאקער קאמענדאנט איז [illegible] קומען פון דער העכערער רומענער מאכט א [illegible] איבערצולאזן צוריק די היימלאזע פון די [illegible] שטעדטליך אין אוקראינא וועלכע זענען אנטלאפען [illegible] סאראביע. אזוי ווי די היימלאזע זענען שוין אבער [illegible] געשטעלט געווארען קיין טאהלעוו האט זיך [illegible] וואלטונג געווענדעט דורך א בריעף צו דער אב[illegible] מיט א אנפראגע צי איז די דאזיגע ידיעה אמת. א[illegible] זי אנגעמען די נויטיגע שרים צו פועלען ביי דער [illegible] מאכט צו געבען די היימלאזע, וועלכע ווילען [illegible] קערען קיין בעסאראביע, ערלויבענישען דארי[illegible]

## א דעלעגאציע קיין בעסאראביע

אויף א זיצונג פון פלענום פון ראיאן-קאמיטעט איז באשלאסען געווארען צו שיקען א דעלעגאציע פון 2 פארשטעהער פון ר. ק. קיין בעסאראביע כדי צו אינפארמירען דאס בעסאראביער אידענטום וועגען דער לאגע פון די אידן אויף אוקראינע און צו באקומען געלד מיטלען פאר די היימלאזע פון די צוגראמירטע שטעדטליך פון יאמפאלער און באלטער[illegible] האפאליער איעזדען.

א גרופע פאַרוואונדעטע



בעת די דעניקינישע פּאָגראָמען אין מאָהילעוו־פּאָד. אין נאָוועמבער, 1919.

איינער פון טויזענטער.



איז בלינד געוואָרען נאכדעם ווי ער איז פון די פעטליוראָווצים
געשאָסען געוואָרען אין קאָפּ בעת'ן פּאָגראָם אין שטעטעל
מיאַסטקיווקע, פּאָד. גוב., אין מאַי, 1920.

## אויך אַ קרבן פון די פּאַגראָמען.

אַ ספר תורה, וועלכע די פּעטליוראָווצים האָבען צעריסען בעת'ן פּאָגראָם
אין דאָרף קלימקאָוויקע, פּאָד. גוב., אין מאַי 1920.

א גרופע היימלאָזע



וואָס זיינען בעת די פּעטליורישע פּאָגראָמען אין פּאָדאָליע, אין מאַי 1920, אַנטלאָפען קיין בעסאַראַביע, רומעניע, און פון דאָרטען דערנאָך צוריקגעשיקט געוואָרען קיין מאָהילעוו־פּאָד., אוקראַינע.

# רשימה פון הרוגים.*)

בשעת די פעטליורישע און דעניקינישע פאָגראָמען אין 1919 און 1920.

פעטשערא, בראצלאוו אויעזד

נפתלי כץ — — — — — — 45

פנחס גלויבמאַן — — — 35

יצחק גלויבמאן (זיין זוהן 10

יעקב מענדעלזאָן — — — 60

צבי מענדעלזאָן — — — — 22

ישראל מענדעלזאָן — — — 28

(זיינע זיהן)

יהושיע טקאַטש — — — 60

מאיר דזשורינסקי — — — 45

שמעון יורקאָוועצקי — — 55

פנחס חוי'ם — — — — — 55

ראובן פארנאווסקי — — — 45

לואי קאָטליאַר — — — — 40

זיין פרוי — — — — — 40

יקתיאל רימער — — — — 45

מרדכי גאָלדשטיין — — — 55

ישראל פוידיקמאן — — — 65

זיין פרוי — — — — — 65

זיין זוהן חיים — — — — 40

אברהם ברודע — — — — 70

מאַני סטוקעלמאַן — — — 45

פעסי סטוקעלמאן — — — 60

יצחק סטוקעלמאַן — — — 35

מאָטיל צוקערמאן — — — 55

גבריאל גערשקאָוויטש — — 50

אלתר לענדער — — — — 60

זיין פרוי — — — — — — 60

בן־ציון לענדער (זיין זוהן) 32

זיין פרוי אסתר — — — — 32

זייערע דריי קינדער

10, 6 און 1½ יאָהר.

משה בערענזאָן — — — — 60

זיין פרוי — — — — — 60

שלום שטוקעלמאַן — — — 35

זיין פרוי — — — — — 35

יחיאל ראָזענבערג — — — 28

יעקב גלייזער — — — — 45

אלתר־מרדכי שיינקמאַן — — 60

חיים־נתן שוינקערמאן — — 60

זיין איניקעל בן־ציון — — 20

אברהם ווייצמאַן — — — — 70

בתיה שאפיראָ — — — — 10

שמעלקי לוידערמאן — — — 65

משה, — — — — — — — 45

נחום — — — — — — — 40

(זיינע זיהן)

משה לוידערמאן — — — — 45

זיין פרוי סאָסי — — — 46

ליבער לוידערמאַן — — — 50

נחום ראָזמאַן — — — — 30

פסח סויפער — — — — — 65

שלום שוחט — — — — — 30

זיין פרוי — — — — — 30

יצחק קאנדיאב — — — — 45

לוי יתום — — — — — — 60

---

*) אין פילע ערטער איז די אמת'ע צאָהל הרוגים געווען פיעל גרעסער. אַזוי צ. ב. איז אין פעשטשערא געווען, אויסער די אויסגערעכענטע 82 נאָך 50 הרוגים. אין באַר זיינען אויסער די אָנגעגעבענע 15 געווען נאָך 15 הרוגים. אין באלטאָ, אויסער די דערמאָנטע 6 נאָך 9 הרוגים, און אַזוי אין פילע אַנדערע פלעצער.

שרה שעכטמאַן — — — — — 35
טשארנא (אַן אלמנה) — — — 50
איהר טאָכטער — — — — — 30
אברהם קארטאָן — — — — — 40
זיין פרוי — — — — — — 40
יחואל שערמענטיוק — — 45
זיין פרוי — — — — — — 45
ציפה ראַבינאָוויטש — — — — 40
מאָטיל ראַבינאָוויטש — — 40
זיין שוואָגער פון ירושלים —
אפרים אטלעסמאן — — — — 60
זיין פרוי — — — — — — 35
אברהם קיפּנים — — — — 50
יהושיע שאַפּיר — — — — — 55
שלום אליהו מענדעליזאָן — 26
זיין שוועסטער — — — — — 25
נחום־מאיר גאַליצקי — — — 60
מיכאל קאנטערמאן — — — — 23
ישראל רויטהעכט — — — 30
אברהם חיט — — — — — — 47
זיין פרוי — — — — — — 44
צבי קאָרזש — — — — — — 65
משה קארטאן — — — — — — 20
יחזקל טאַבאַקמאַן — — — — 25
גרשון־ליב שניידערמאן — — 35
שרה פעלדשער — — — — — 45
זאנוויל סטאַקלעצקי — — — — 22
יהושיע פּאקאווטשיק — — 40

סך הכל — 82 קרבנות.

---

## מיאסטקיוועקע

צבי צעקינאָווסקי — — — — 50
זיין פרוי שרה רבקה — — 44
שלמה־זלמן קראמער — — 55
מרדכי קאָרנפעלד — — — 58
יעקב אהרן קאָרמאן — — — 61
אליהו כהן — — — — — — 47
זיין זוהן בן־ציון כהן — — 21
זאב בראָוועער — — — — — — 43

חיים גאָלדרייער — — — — — 47
זיין זוהן ישעיהו — — — — 20
מלכה קיפּנים — — — — — 41
אסתר פיינהעזיל — — — — — 53
אליעזר קירזשניר — — — — 45
יוסף בליאכער — — — — — 25
מירעל מאַליער — — — — — 52
בילה מילשטיין — — — — — 43
מאַני סידאק — — — — — — 47
מרדכי פוקס — — — — — — 43
משה פוקס — — — — — — — 29
ברוך פורער — — — — — — 35
צבי זעלמאַנאָוויטש — — — — 32
אברהם זאַץ — — — — — — 25
חינקה וויצמאַן — — — — — 53
אשר בתיה'ס — — — — — — 50
דוב לאַדיזשינסקי — — — — 52
ישראל קארדאנסקי — — — — 34
שרה פוקס — — — — — — 32
רייזה פוקס — — — — — — 58
עטיל פעלדמאן — — — — — 48
אסתר זאץ — — — — — — 15
רוזה וואָסקאָבאָיניק — — — — 42
יעקב, איהר זוהן — — — — 17
ישראל בעמיראָווסקי — — — — 20
זאב בראנוואסער — — — — — 18
אליה פעלדמאן — — — — — 13
שמואל דיוגאסטאנסקי — 47
זיין פרוי לאה — — — — — 42
זאַנוויל וואסערמאן — — — — 38
דוד טשאקלער — — — — — 48
אברהם לעדערמאן — — — — 25
שרה וויינער — — — — — — 38
חיים ליטוואַק — — — — — 53
אשר־חיים פּיטערמאן — — — 60
זיסעל קירזשנער — — — — — 42
מלך קרופּניק — — — — — — 55
זיין פרוי פריידה — — — — 50
זייער טאָכטער יענטע — — — 15

| | |
|---|---|
| גרינבערג | 18 |
| זיין ברודער | 22 |
| חיים נודעלמאן | 30 |
| אשר וויאטער | 50 |
| פרץ ווייסבורד | 55 |
| זיידעל גלייזער | 40 |
| זלמן פרוימטשוג | 60 |
| אַלטע ראָזמאַן | 45 |
| איהר טאָכטער גיטל | 14 |
| יעקב שאמים | 22 |
| ישראל מאַלטשוק | 22 |

סך הכל — 58 קרבנות.

---

## מוראפא-פאד.

| | |
|---|---|
| אהרון קאפלון | 45 |
| אלימלך שאפיר | 37 |
| זאב בעלפער | 48 |
| יוסף בערגינער | 30 |
| שלמה גוטמאן | 40 |
| ראובן רעקעטשענסקי | 24 |
| זלמן וואסקאָבאָיניק | 44 |
| זאב ספעקטאָר | 55 |
| אייזיק דזשורינסקי | 45 |
| משה גולקא | 25 |
| אהרן בודקער | 38 |
| ישראל בודקער | 24 |
| זאב בודקער | 30 |
| לייבוש לערנער | 56 |
| ישעיהו לערנער | 24 |
| דוב לערנער | 16 |
| יעקב שייעוויטש | 26 |
| אשר שייעוויטש | 21 |
| יוסף שייעוויטש | 34 |
| יעקב אייזענמאן | 26 |
| זאב פוטערמאן | 18 |
| אליעזר ווינער | 19 |
| יצחק לערנערמאן | 22 |
| צבי פינצקער | 27 |
| נחום פינצקער | 19 |
| ברוך קוואשא | 19 |
| משה סאָפּאָזשניק | 25 |
| שמואל סאָפּאָזשניק | 19 |
| זיינוויל בראדעצקי | 58 |
| יוסף גאס | 73 |
| משה וויינמאן | 46 |
| פנחס צעראנים | 18 |
| אהרן חוה׳ס | 25 |
| בן-ציון בעקער | 26 |
| אברהם לערנער | 35 |
| נפתלי נפתלאָוויטש | 55 |
| שלומה בערגאַן | 35 |
| נחום ראזנאטאָווסקי | 33 |
| מרדכי בערליאנד | 26 |
| ניסן קרישטאל | 26 |
| ברוך זאלאזניק | 27 |
| יוסף קופערמאַן | 26 |
| זלמן קופערמאן | 18 |
| זלמן קירזשערמאן | 26 |
| משה טראכטענבערג | 25 |
| דוד פעטשערסקי | 24 |
| משה פעטשערסקי | 19 |
| אַן אומבאקאנטער | |
| חיסווייץ | 24 |
| גרשון שוחט | 27 |
| אברהם שור | 28 |
| לייב וויניצקי | 26 |
| משה פישער | 27 |
| אַן אומבאַוואוסטער | |
| ראובן רעקעטשענסקי | 19 |
| אברהם ראפאָזשניק | 37 |
| מרדכי ראַבינאָוויטש | 27 |
| קלמן קאפלון | 28 |
| אן אומבאַוואוסטער | |
| אן אומבאַוואוסטער | |
| אַן אומבאַוואוסטער | |
| שלמה בלעכער | |
| שמחה ראָזענבליט | 40 |
| יצחק בודקער | 25 |

סך הכל — 64 קרבנות.

## דזשורין־פּאָד.

ברוך קסענדזשאָווסקי — — — 73
דוד בראמבערג — — — — — 62
משה ראָזענבערג — — — — — 50
יצחק ראָזענבערג 3זיין זוהן) 18
שמואל קאָרנבלום — — — — 50
אברהם קאָרנבלום (זיין זוהן) 19
בן־ציון רויטהאלץ — — — — 28
יצחק וואסקאבאיניק — — — 32
יהודה בראנשטיין — — — — 25
יעקב קאלאטינסקי — — — — 18
ישראל העכטמאן — — — — — 45
מלכה פּליטמאן — — — — — 82
אהרן דארמאן — — — — — 65
משה דארמאן (זיין זוהן) — 18
פּנחס גאָלדשטיין — — — — 55
ברוך רובין — — — — — — 25
יצחק רויטהאָלץ — — — — — 75
אליהו אנטאנאווסקי — — — 45
זעליג מאווערהויז — — — — 25
אביגדור הויכמאן — — — — 70
יצחק ריקאָוו — — — — — 70
מרדכי באָטיל — — — — — 55
משה יעקב — — — — — — 45
שמעון בארשטיין — — — — 75
יעקב עזריאלעוויטש — — — — 48
אליהו דארמאן — — — — — 75
מאיר ספּעקט — — — — — 50
מאיר וולאדאָוועצער — — — 30
א בוריוזקער אינגעל — — — 22
סך הכל — 29 קרבנות.

---

## יארוגע־פּאָד.

ברוך באקשטיין — — — — — 70
הירש זילמאן — — — — — 60
פּסח בארמאק — — — — — 58
בעריל — — — — — — — 20
ברוך — — — — — — — — 18
(זיינע זיהן)
קלמן באנדאראווסקי— — — — 35

אלתר גרינבערג — — — — — 56
רחל וואלאשין — — — — — 65
משה פּארטנאָי — — — — — 32
רחל סקאזניעצקי — — — — 56
יקותיאל דארכאווסקי — — — 33
אלעזר ראַבינאָוויטש — — — 40
חיים קאַלאָמענסקי — — — — 65
ביילה פינקעל — — — — — 65
בתיה ספּעקטאָר — — — — — 26
סך הכל — 16 קרבנות.

---

## מאָהילעור־פּאָד.

יוסף מעדניק — — — — — 18
ישעיהו מעדניק — — — — — 16
מיכאל שעכטמאַן — — — — 18
ישעיהו טאלצים — — — — — 44
משה רויזענבליט — — — — 54
יצחק שאפּיראָוויטש — — — 35
ברוך דודזאָן — — — — — — 44
יצחק־ליב ספּיוואָק — — — — 54
הירש ווינאָקור — — — — — 22
אפרים אָקסעלגאָרן — — — — 65
אהרן מעדאוואי — — — — — 22
ישראל מאלטשוק — — — — 23
סך הכל — 12 קרבנות.

---

## וווערבקע־פּאָד.

חיים זעליקאָוויטש — — — — 66
צבי סאָפּאָזשניק — — — — — 60
מאיר חמארע — — — — — 60
זיין פרוי נחמה — — — — 60
אבא־ישעיהו הערצענשטיין — 56
זיין פרוי טאבע — — — — 50
זיין זוהן דוד — — — — — 30
לאה טאלמאן — — — — — 70
נחמן טאלמאן (איהר זוהן) 56
שרה־ביילה (זיין פרוי) — 40
צבי טאלמאן (זייער זוהן) — 10
עטיל קיסניצער— — — — — 40
דוד קיסניצער (איהר זוהן) 3

ביילה (איהר טאָכטער) — — 3

משה פורער — — — — — — 6

עטיל פורער — — — — — — 4

סך הכל — 16 קרבנות.

———

## מוראַוואַנע - קוריליאָוועץ

ברוך שטיינמאַן — — — — — 70

משה שטאַרקמאַן — — — — — 35

חיים לאַטערמאַן — — — — — 26

הירש גאַראַדעצקי — — — — 48

שמואל ביק — — — — — 60

משה פעקערמאַן — — — — — 45

מרדכי גאלאַטא — — — — — 31

לפשה נאמץ — — — — — 40

יונה פון פוילען — — — — 32

ישראל זיסים אַ מוידעל — — 8

סך הכל — 10 קרבנות.

———

## באַר־פאָד.

בעריש ברון — — — — — 42

שרה, זיין פרוי — — — — 40

שמואל גרוזמאַן — — — — — 18

פייגע בעקער — — — — — — 40

ביילה דער בעקערינס אינגעל 12

מאַטי בורד — — — — — 18

מאָטיל שווארצברויט — — 18

שמואל פעלדבערג — — — 25

בעריל פעלדבערג — — — 18

קושניר — — — — — — — 20

מלמוד — — — — — — — 20

צאלי, אַ סטאָליאר — — — — 25

מאַטי מלכזאָהן — — — — 28

פרץ בריל — — — — — — — 23

בעריל קרייטמאַן — — — 17

סך הכל — 15 קרבנות.

———

## טשערנאָוויץ

שמואל־דוד כץ — — — — — 60

רבקה־לאה כץ — — — — — 60

זאב קיסליאק — — — — — — 42

מאיר־זעליק בילמאַן — — 42

יוסף ראָזענפעלד — — — — — 28

ראובן זיפמאַן — — — — — 22

יעקב פיין — — — — — — 30

סך הכל — 7 קרבנות

———

## יאמפאָל־פאָד.

משה גבאי — — — — — — — —

שלמה ציטמאַן

יצחק שעכטמאַן

יוסף סנדלר

ישעיהו זינשאַן

סך הכל — 5 קרבנות.

———

## בוריווקע.

דאַנילאָוויטש — — — — — 60

מיכאל שוחט — — — — — 45

יעקב גרויסמאַן — — — — — 23

אַ דזשוירנער איד — — — — 40

סך הכל — 4 קרבנות.

———

## באבטשינעץ־פאָד.

ישראל בראנדט — — — — — 54

משה פעטערבורג — — — — 70

אבא פיינשטיין — — — — — 47

לייב ניסעוויטש — — — — — 24

אפרים טאָרבאַן — — — — — 17

סך הכל 5 קרבנות.

———

## באלטא־פאָד.

מאָטיל קערצנאַן — — — — — 65

זיין פרוי — — — — — — 63

בעריל שטערענבערג — — 60

יעקב סיראָטאַ — — — — 60

דער שמש פון בה"כ — — 25

אַ פאַרבער — — — — — — — 40

סך הכל — 6 קרבנות.

———

## אזארינעץ־פאָד.

משה רויטבערג — — — — — 30

# אנמערקונגען.

1. די מארט־רעוואָלוציע און די רוסישע אידען. — געווען געדרוקט אין „די צייט", 13טען מאַרטש, 1922; „קאַליפ. אידישע שטימע", לאָס אַנדזשעלעס, 5טען מאַרטש, 1926.

2. ערב דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג (שטימונגען). — "דאָס אידישע פאָלק", ניו יאָרק, 22טען מאַרטש, 1918.

3. די לאַגע פון די אידען אין אוקראַינע. — „דער „טאָג", 15טען פעברואַר, 1920.

4. אוקראַינישע שטעדטלאַך. — „בולעטין", מאָהילעוו־פּאָד., 1טען יולי, 1920; „די צייט", ניו יאָרק, 18טען מאַי, 1921.

5. די פּאָגראָמען אין פּאָדאָליע. — „בולעטין", מאָהילעוו־פּאָד., 20טען יוני, 1920; „די צייט", ניו יאָרק, 11טען מאַרטש, 1921.

6. די פּעטליורישע פּאָגראָמען. — „בולעטין", מאָהילעוו־פּאָד., 20טען יוני, 1920.

7. דענקינ'ס ממשלה אין אוקראַינע. — „בולעטין", מאָהילעוו־פּאָד., 1טען יולי, 1920; „די צייט", ניו יאָרק, 16טען און 17טען פעברואַר, 1922.

8. זעלבסטשוץ. — „די צייט", ניו יאָרק, 6טען יוני, 1921; „קאַליפאָרניער אידישע שטימע", לאָס אַנדזשעלעס, 26טען יוני, 1925.

9. די הילפס־ארבייט פון דזשאָינט אין אוקראַינע. — אין „די צייט", ניו יאָרק, 24טען יולי, 1921.

10. דער עמיגראַציע־שטראָם פון אוקראַינער אידענטום.—אין „בולעטין", מאָהילעוו־פּאָד., 10טען יולי, 1920; אין „דער איד", קעשינעוו, אַלס עדיטאָריעל, דעם 19טען אויגוסט, 1920.

11. אוקראַינער היימלאָזע אין בעסעראַביע. — אין „די צייט", ניו יאָרק, דעם 10טען פעברואַר, 1921.

12. פּראָפ. י. פרידלענדער. — אין „דער איד", קעשינעוו, דעם 18טען אויגוסט, 1920; אין „די צייט", ניו יאָרק, 20טען יוני, 1921; אין "קאַליפאָרניער אידישע שטימע", 2טען יולי, 1926.

# אינהאַלט פאַרצייכניש: